


(הומאָר און גאַל)

## ערשטער בוך

(פון דעם איז געדרונגען, אַז דער מחבר קלייבט זיך
בקרוב אַרויסגעבן נאָך בענדער)


אַרויסגעגעבן פון

פאַרלאַג „קוימיטצאָרעם"

ניו־יאָרק, 1948

# אינהאַלט:

# איך בין דער גרעסטער טאַלאַנט

אידן, היינט איז דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן! היינט האָט אַ רעדאַקטאָר פון אַ גרויסער טעגלעכער צייטונג מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ גרויסער טאַלאַנט!

איך האָב אים געבראַכט הומאָריסטישע מעשיות, האָט ער מיר געזאָגט, אַז מיינע מעשיות זיינען גוט. הומאָריסטן פעלן, אָבער מיינע מעשיות זיינען צו לאַנג! ער דאַרף קורצע מעשיות. אַלעס דאַרף דערציילט ווערן בליץ־שנעל, ווייל ערשטנס האָט דער היינטיקער לייענער ניט קיין געדולד צו קיין לאַנגע מעשיות, צווייטנס, איז הייס. דריטנס, איז אַ מאַנגל אין פּאַפּיר און די זעצער קריגן גרויסע שכירות, און אַזוי האָט ער מיר געהאַלטן אַ גרויסע, לאַנגע רעדע, פאַרוואָס איך דאַרף שרייבן קורץ...

— אָבער, ווי אַזוי, — פרעג איך, — קען מען דאָס אָנשרייבן אַ מעשה שנעל ווי אַ בליץ און ס'זאָל נאָך אַלץ זיין אַן אינטערעסאַנטע מעשה?

— מ'קען, — זאָגט דער רעדאַקטאָר, — מ'דאַרף בלויז אויסמיידן די שווערע, וואָגיקע און שוידערלעכע ווערטער, ווי למשל: אַ פאַרשטיקטער, אַ צעדריקטער, אַן אָפּגעפּליקטער. אָדער: אינספּיראַציע, קאָאָפּעראַציע, טראַנספּאָרטאַציע, אינפלאַציע און אָבליגאַציע! אָנשטאָט אָט די שוידערלעכע ווערטער, שרייבט בעסער: אוי, באַי, גוי, אַזוי, שטרוי, רוי. אָדער: רו, בו, נו, קו, פי, צי, בלי. אָדער: גיי, שטיי, ווייַ, דרייַ. אָדער: עס, מת, פרעס. אָט אַזעלכע ווערטער שרייבט, וועט אַרויסקומען אַ קורצע מעשה, אַזוי, אַז אַפילו אַ לייענער מיט אַ קורצן אָטעם וועט עס אויך קענען לייענען!...

— אויב אַזוי, — זאָג איך צום רעדאַקטאָר, — אויב איר זוכט שרייבער, וואָס זאָלן שרייבן בלויז קורצע מעשיות, וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן, אַז איך זאָל אינגאַנצן ניט שרייבן? ווייל, וואָס, איך בעט אייך, קען שוין זיין נאָך קירצער ווי גאָרניט?!

דעם רעדאַקטאָר'ס אויגן האָבן אויפגעלויכטן. אַ ברייטער שמייכל האָט זיך צעלייגט איבער זיין טויט־ערנסטן פּנים, ער האָט מיר דערלאַנגט אַ זעץ איבער דער פּלייצע אַזוי, אַז מיינע ביינער האָבן איבערגעלעבט אַן ערד־ציטערניש און ס'האַרץ איז מיר אַריין אין די פּיאַטעס, און מיט אַ

## לחיים אידן

פריילעכן קול האָט ער אויסגעשריען:

— יונגערמאַן, איר זענט אַ גרויסער טאַלאַנט! ס'איז אַ וואונדער־באַרער, געניאַלער איינפאַל! גאַרניט! וואָס קען שוין טאַקע זיין קירצער ווי גאַרניט?! גייט שוין אַהיים, זעצט זיך אַוועק און — שרייבט — גאַרניט!

טאַמער, ליבער לייענער, וועט איר זען אַ זאַך וואָס איז ניט געדרוקט אין צייטונג, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז מיין שטיקל אַרבעט! און טאָמער געפעלט עס אייך, בעט איך אייך, שרייבט אַריין אַ קאַרטל צום רע־דאַקטאָר און זאָגט אים, אַז אַזעלכע מיטאַרבעטער האָט איר ליב! צוליב אַזעלכע מיטאַרבעטער וועט איר ווערן אַ שטענדיקער לייענער פון זיין צייטונג!...

# אַ נייער רעקעט...

(לכבוד מאַמעס־טאָג)

רוקט זיך צו מיר צו אין פּאַרק אַ איד, אַרומגעוויקלט מיט אַ וואָלע־נעם שאַלעק, נעמט אַרויס אַ טאַבאַק־פּושקעלע, גיט מיט זיין פּראָמינענ־טער פליישיקער נאָז אַ צי אַריין אַ פּאָר־צי טאַבאַק מיט אַזאַ קראַפט, ווי ער וואָלט דאָרט געהאַט אַ וואַקיום־קלינער, און צערעדט זיך מיט אַ גריל־צענדיק, גראַגערדיק קול און זאָגט:

— איר הערט, מ'האָט שוין אָנגעהויבן צו אַדווערטאַיזן דעם מאָד־הערס־דעי! ווען איך האָב, — זאָגט ער, — צו זאָגן, וואָלט איך דעם רעקעט אײַנגעאַנצן אָפּגעשאַפט! גענוג! וויפיל איז דער שיעור?

זאָג איך צום איד:

— וואָס האָט איר צום מאַמעס־טאָג? פאַרקערט, ס'איז זייער אַ שיינער און פיינער מנהג. וואָס קען זיין שענער ווי אָפּגעבן אַ מאַמען כבוד?!

ווערט דער איד שוין אויפגערעגט און צעהיצט זיך:

— אָפּגעבן אַ מאַמען כבוד? יאָ, אַוודאי! אָבער וואו האָט איר היינט אַ מאַמע?!... די היינטיקע פּיטשירי־טשעלעך, וואָס לויפן אַרום מיט די הינטלעך, דאָס זיינען דען מאַמעס? דאָס זיינען דאָך אָנשיקע־נישן! מאַמעס זיינען דאָס ביי אייך?! איך בין שוין, — זאָגט דער איד, — ניט פאַר קיין איד געדאַכט, זעכצן יאָר אַן אַלמן, פונדעסטוועגן ווען מ'וואָלט מיר געגעבן אַ היינטיק ווייבל אומזיסט, מ'זאָל מיר נאָך אַפילו צוצאָלן, וואָלט איך דאָס ניט גענומען אין דער האַנט אַריין!

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — זייט איר דאָך אַן אַנטיסעמיט!...

— אַן אַנטיסעמיט?! — שרייט דער איד, — וואָס וואָלט איר גע־וואָלט, אַז איך זאָל אָט־אָ־דאָס־אָ, — ווייזט ער אָן אויף אַ ווייבל אין פּאַרק, — אָט־אָ־דאָס זאַכעלע אָנרופן מאַמע? מיט וואָס, איך בעט אייך, איז דאָס אַ מאַמע? איר געדענקט דאָך אונזערע מאַמעס! דאָס זיינען דאָך געווען צדקניות'ן, הייליקע. זיי זיינען געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר די קינדער, זיצן שטונדן און קאָרמענען זיי מיט געוואַלט, גאַנצענע נעכט זיצן ביים וויגל און זינגען זיי לידער, ווישן זיי די פּאַרראַצטע נעזע־לעך, צוואָגן זיי די פּאַרכעס, פירן זיי אַלע פּאָר חדשים אין באָד אַריין, געבן זיי ווערים־קרויט ווען ס'האָט זיי געקרעמפּט אין בייכעלע, אויס־קוועטשן זיי די פּרישטשעס, און אָפּהיטן זיי דאָס געזונט!...

— אָבער די היינטיקע קינדער, — זאָגט ער ווייטער, — ווערן דאָך געבאָרן אַלטע מענטשן! און געזונט איז דאָס קיין עין־הרע ווי אַ נוס! מ'גיט זיי באַלד צו טרינקען פון גלעזער. ווער ברוסט, וואָס ברוסט! מ'לייגט זיי אַריין אין בעטל, מ'פאַרמאַכט די טיר און זיי שלאָפן. אָן לײ־דער. מ'קאָרמעט זיי ניט. פון די נעזלעך רינט ביי זיי ניט. דאָס באָד האָבן זיי אין הויז. ניט זיי האָבן פאַרכעס, ניט זיי האָבן פרישטשעס און ניט זיי האָבן קרעמפּס. אַפילו די דאַיפערס וואַשט מען ניט פון זיי! פאַ־ראַן אַזאַ, ווי רופן זיי דאָס? אַ־אַ־אַ „דאַיפער־עקסטשעינדזש", וואָס נעמט צו די אומריינע און ברענגט צוריק ריינע דאַיפערס. נו, פרעג איך אייך, צו וואָס דאַרף מען אַ מאַמע?!...

— וואָלט דאָס כאָטש, — שרייט דער איד, — אויסגעזען ווי אַ מאַ־מע! איר געדענקט דאָך די אַמאָליקע מאַמעס? זיי זיינען דאָך געווען אַ גאַנצער פאַרנעם! ס'איז דאָך געווען אויף וואָס אַ קוק צו טאָן! ברייט, פעט, אויסגעבוזעמט. און דערפאַר האָבן זיי געמוזט זיצן אין הויז, ניט געקענט אַרומלויפן. געווען שווער אויף די פיס. נו, גיט אַ קוק אויף די היינטיקע, מ'שטיינס געזאָגט, מאַמעס! זיי זעען דאָך אויס ווי זיי וואָלטן געווען זייערע אייגענע אייניקלעך! אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט, פאַר־גרינט און פאַרגעלט, און זעען אויס ווי אַן אויסגעהונגערטער אַספאַראַ־גוס! אַז טאָג־און־נאַכט נאָר דאָס איז אויף אַ דאַיעט! בסדר נאָר עס וועגט זיך, נאָר ס'רעדוסט, נאָר ס'שנורעוועט זיך צונויף. כאָטש נעם אַזעלכע דריי פלעקלעך און מאַך פון זיי איין לייטישע מאַמע!

— אַמאָל, — רעדט דער איד ווייטער, — האָט מען כאָטש דערקענט אַ מאַמע אין גאַס נאָך דער קליידונג. היינט, אָבער, גייט עס אָפגעשאָרן ס'קעפל, טראָגט אַ מענערישן קאַפעליוש, אַ פאָר מענערשע הויזן מיט אַ סטראַפ, אַ מענערשן מאַנטל, רויכערט כסדר ציגאַרעטלעך, און — שפייט, פונקט ווי אַ מאַן! דאָס אַרבעט אין שאַפ און פאַרדינט נאָך גרעסערע שכירות ווי אַ מאַן; שפילט אין קאָרטן, לויפט צו רעיסעס, ליגט־איבער ביי בעיזבאָל־געימס, ביי פאַיטס, הענגט־אַרום גאַנצענע נעכט אין קאַפע־טעריעס, אין נאַכט־קלובן; קריכט אין דער אַרמיי, טרייבט אַן אויטאָמאָ־ביל, אַן עראָפלאַן (דעם בעיבי־קערידזש טרייבט דער זיידע...); מישט זיך אין פאָליטיק, זיצט אין דער דזשורי; מאַכט האָלד־אַפס און מ'שטעלט אַריין זייערע פיקטשורס אין די פעיפערס; קען אויך אַריינגיסן, כ'בעט אייך איבער אייער כבוד, אַ — „קאָקטעיל", און קומט אַהיים ערשט פאַר־טאָג!

— אַ גאַנצע וואָך, — האַלט דער איד אין איין טענה'ן, — האָט דאָס אַ פרידזשידעיר מיט קענד־גודס און אַ קען־אָפענער, און אין פינף מינוט

צייט מאַכט דאָס סאָפּער; און שבת און יום־טוב עסט דאָס ביי דער מאַמען, ביי דער שוויגער. און טאָמער פאַרגלוסט זיך איר אַמאָל זען איר אייגענעם מאַן, טעלעפאָנירט זי אים אין שאַפּ, אָדער אין די ביזנעס, און מאַכט מיט אים אַ „דעיט" צו עסן אין דער קאַפעטעריע!

— אַמאָל אַ מאַמע, — קרעכצט דער איד, — אַז זי האָט אָנגעהויבן צו קינדלען, איז דאָך געווען אַ פאַרגעניגן! ווײ, וויפיל קינדער אַן אַמאָליקע מאַמע האָט דאָס געדאַרפט אויסשווענגערן, האָבן און אויסהאָדעווען! זי פלעגט דאָך פאַרפלייצן דאָס הויז מיט קינדערלעך! נו, האָט מען איר דערפאַר געדאַרפט ברענגען מתנות אַלע יאָר! געדאַרפט מאַכן „מאָדהערס־דעיס" פאַר זיי! די היינטיקע ווייבעלעך, טאָמער האָט דאָס געהאַט איינמאָל אָדער צוויי מאָל אַ קינד אין זייער לעבן, קען מען זיך שוין ביי זיי ניט אויסצאָלן! זיי האָבן שוין אַ רעקעט אויפן גאַנצן לעבן! יאָר־איין, יאָר־אויס ברענג זיי בלומען, שטאָפּ זיי מיט קענדי, נעם זיי אין די מואוויס, שיק זיי ווינשעוואַניעס . . . כ'ווייס, קויף זיי כאָטש — נאַילאָן זאָקן! האַלט פאַר זיי ספּיטשעס אויף דער ראַדיאָ, שרייב וועגן זיי אין די פּעיפּערס, שיק זיי טעלעגראַמעס צוליב דעם מאָדהערס־דעי! באַשר־בכן, זיי האָבן זיך איינמאָל אין זייער לעבן אויסגעקוועטשט מיט אַ קינד, גרויס ווי אַ געניץ!

— אַ גאַנץ יאָר לייגט זיך דאָס אין דער לענג און אין דער ברייט, שמירט זיך און פאַרבט זיך, לאָזט זיך מוטשען שטונדן־לאַנג אין די ביוטי־פּאַרלאָרס, מאַכט עקסערסאַיז און פרעסט מכות — אַלץ כדי מ'זאָל מיינען, אַז זי איז נאָך אַ יונג מיידעלע. נאָר ווען ס'קומט דער פינצטערער מאָדהערס־דעי, ווען מ'קען ביים שווער, ביי די קינדער, ביים מאַן אַרויסנאַרן אַביסל פּרעזענטן, שטעלט דאָס אָן אַ פרום פנים'ל, טוט־אָן אַ פאַטשיילע און מאַכט אָן אָנשטעל, אַז דאָס איז אַ מאַמע! זי טוט מיר אַ טובה! נו, פרעג איך אייך: איז דאָס ניט אַ רעקעט?! . . .

— דעריבער, — שרייט דער איד אין אַ בייזן טאָן, — דעריבער, אַז מיין שנור האָט מיך געפרעגט: „פּאַ, וואָס וועט איר מיר קויפן פאַר אַ פּרעזענט מאָדהערס־דעי?" האָב איך איר געענטפערט: „ניט דיר, בעסי, דאַרף מען ברענגען אַ פּרעזענט! אַ פּרעזענט דאַרף מען גאָר ברענגען דיין סעמעלען. מ'דאַרף אים ברענגען אַ פּרעזענט — אַ מאַמע! דו הערסט? אַ מאַמע! אַ רעגעלע מאַמע דאַרף מען אים ברענגען! ניט אַזאַ זאַכעלע, וואָס קיינער ווייס ניט צי איז דאָס אַ אינגל אָדער אַ מאַמע, און מ'דאַרף זיך דאַרן דעם קאָפּ צי זאָל מען פאַר דעם קויפן אַ פּרעזענט אַ פלעשל פּאַרפיום, אָדער אַ באַקס ציגאַרן, לכבוד דעם רעקעט וואָס הייסט „מאָדהערס־דעי"! . . .

# מ'האָט געראַטעוועט דעם טאַטן

(לכבוד טאַטנס־טאָג)

צוליב מאַמעס־טאָג, האָט מען שוין געמוזט מאַכן אַ טאַטנס־טאָג אויך. פאַר דער מאַמען האָט מען טאָקע געמאַכט אַ טאָג מיט ליבע, מיט פאַר־געטערונג, אָבער פאַרן טאַטן, שוין עפּעס ווי אַ נדבה . . . פאָרט אַ לעבע־דיק באַשעפעניש, טאָ לאָמיר אים ניט דיסקרימינירן, ניט פאַרשעמען . . .

און ס'קען זיין, אַז די מענטשהייט האָט רעכט אויך. נאָכאַלעמען, האָט נאָך אַפילו דער גרעסטער חכם ניט באַוויזן געבאָרן צו ווערן אָן אַ מאַמען. אָבער אָן טאַטעס, זיינען שוין געבאָרן געוואָרן אַ סך. אַפילו אַזאַ איד ווי יעזוס קריסטוס, האָט זיך אויך אַריינגעשמוגלט אָן אַ טאַטן. הלוואַי וואָלט ער געהאַט אַ שטיקל טאַטן, וואָס זאָל אים געוועזן קליינערהייט אָנ־דרייען אַן אויער, וואָלטן מיר אידן ניט געהאַט אַזויפיל צרות פונעם תכשיט. און אידישע מיידלעך וואָלטן ניט באַדאַרפט טראָגן קיין צלמ'לעך אויפן האַלדז, כדי צו קריגן אַ דזשאַב ביי אידישע באַלעבאַטים! . . .

דער טאַטע!

ס'קען זיין, אַז אָט־די באַשעפעניש וואָס מ'רופט טאַטע, וואָלט שוין אפשר איינגאַנצן אַרונטער פון דער סצענע ווען מ'זאָל אים ניט באַדאַרפן פאַרן טאַטנס־טאָג!

ביי אונז אינדערהיים, אין איראָפּע, איז נאָך דער טאַטע געווען אַ גאַנצע פיגור. איר געדענקט דעם היימישן טאַטן, וואָס ווען ער איז אַריינ־געקומען אין שטוב, איז מיט אים אַריינגעקומען די שכינה אין הויז אריין? עפּעס אַ קלייניקייט, דער טאַטע! עס פלעגט דאָך ווערן ליכטיק אין יעדן ווינקעלע, אַז דער טאַטע איז פרייטיק צו־נאַכט אַריינגעקומען אין הויז אַריין, געזאָגט גוט־שבת, גענומען זאָגן שלום־עליכם, געמאַכט קידוש, געשניטן די המוציא'ס פאַר אַלעמען און געזונגען זמירות,האָט עס דאָך גע־קלונגען ווי אַ כאָר פון מלאכים וואָלטן אַרומגעשוועבט אין הויז! ווי איז געווען דעם הויז וואָס האָט ניט געהאַט קיין טאַטן, וואָס זאָל אַריינברענ־גען דאָס שבת'דיקייט און אַריינהויכן דעם יום־טוב'דיקן אָטעם אין הויז אַריין! אין אַזאַ הויז האָט זיך די מאַמע געפילט ווי אַן איבעריקע, און די קינדער זיינען געוואַקסן ווי ווילדע רעטאַכער און ס'האָט געפעלט די גע־שטאַלט פונעם טאַטן, פון וועמען זיי זאָלן, ווי פון אַ וואָרצל, ציען זייער מענטשלעכע יניקה, וואָס זאָל זיי אַריינגעבן זאַפט און אויספּרעמען זייער מענטשלעכן געשטאַלט.

און אַז איך לאָז אין מיין פאַנטאַזיע אויפגיין די געשטאַלט פון מיין טאַטן, פון מיינע פעטערס, פון מיינע זיידעס און אַלע אַנדערע טאַטעס פון

מיין קינדהייט, זע איך, פּאַטריאַרכאַלישע, שטאָלצע, הדרת־פּנים׳דיקע אידן, מיט אַ גאַנצער פּאַנאָראַמע פון פאַרשיידנאַרטיקע, פאַרבנרייכע בערד, הויכע, לומדיש־געקאָרבטע שטערנס, טיפע, מיט אידישן שטאָלץ און צער אָנגעפילטע אויגן, וועלכע האָבן אַרויסגעלויכטן באַשאָטנט פון גרויסע, געדיכטע ברעמען. סאַמעטענע קאַפּעליושן, אַטלעסענע בעקעשעס, אַ קאָלעקציע פון הילצערנע, ביינערנע, זילבערנע טאַבאַק־פּושקעס, און אַ גאַנצן מוזיי פון לאַנגע, פאַרשיידנפאַרביקע, געשניצטע ליולקעס. בקיצור: אַ היימישער טאַטע איז געווען אַ מאַנספּאַרשוין, אַ זכר, וואָס האָט אַרויסגעלייגט זיין פערזענלעכקייט וואו נאָר ער האָט זיך באַוויזן!

וואָס, איך בעט אייך, איז געוואָרן פון אָט־דעם היימישן טאַטן, ווען מ׳האָט אים גענומען און אים פאַרשיקט קיין אַמעריקע?! גאָרניט איז געוואָרן פון אים! אַ פּשוט׳ער חוזק, אַ שאַנד און אַ חרפּה און אַ ווייטיק פאַרן גאַנצן מענער־געשלעכט!

אין אַמעריקע האָט מען גענומען דעם היימישן טאַטן און אים אויסגעצופּט די באָרד מיט די וואָנצעס, ווי ביי היימישן גלח, אים אויסגעטאָן דעם שיינעם סאַמעטענעם קאַפּעליוש און אים אַרויפגעקוועטשט אַ האַרטן, צעקאַליעטשעטן „דורבי־העט״ אויפן קאָפּ. מ׳האָט ביי אים אַרויסגעשלעפּט די געשניצטע ליולקע און אים אַריינגעשטעקט אַ טשעסטערפילד. אַנשטאָט צו שמעקן טאַבאַק פון אַ זילבערן טאַבאַק־פּושקעלע, מאַלעגייעט ער איצט „טשואינג־גאַם״. מ׳האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון דער אַטלעסענער קאַפּאָטע און אים אַריינגעזעצט אין אַ „סעקאָנד־הענטיק־סוטל״ און געמאַכט פון אים אַ מאָדעל פאַר אַ „דזשו־קאָמידיאַן״ פאַרן וואָדעוויל!...

**אין איראָפּע פלעגט דער טאַטע אויפשטיין אינדערפרי,** גיין אין שול אַריין דאַווענען, זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, דערנאָך אַהיימקומען, מאַכן אַ לחיים, אַרויסגיין אין מאַרק אַריין, פורקען מיטן שטעקן אין די גוי׳אישע פורן, אויסטאַפּן די הינער מיט די קאַטשקעס, דערנאָך אַהיימקומען, צולייגן זיך אויף דער סאָפע, גענעצן, טרינקען טיי און זיך צוברומען אַ חסיד׳ישן ניגון. איז מען אָבער געגאַנגען אין אַמעריקע און מ׳האָט גענומען דעם זעלביקן טאַטן און געקויפט אַ וועק־זייגער וואָס האָט אים מיט געוואַלד אויפגעריסן פאַרטאָג די אויגן און ער — דער טאַטע — האָט זיך, נעבעך, אַוועקגעשלעפּט ערגעץ אין אַ פינצטערן שוויץ־שאַפּ, אַ ניט־געדאַוונטער, אַ ניט־געוואַשענער, אַ ניט־געגעסענער, אַ צעקנייטשטער, און דאָרט האָט מען אים אַוועקגעזעצט ביי אַ מאַשין — שיסן באַנדלעך! און ביינאַכט האָט זי, די מאַשין, אים אַהיימגעשיקט אויף עטלעכע

שעה, ער זאָל זיך איבערדרימלען, כדי אויף מאָרגן ווידער צו קומען און מיט פרישע כוחות אַרויסצובאָנדלען פון זיך די קישקעס!...

און אַז ס'איז געקומען שבת־ און זונטיק, האָט מען דעם טאַטן אוועקגעשיקט מיטן קינדער־וועגעלע אין פּאַרק אַריין, אים מיטגעגעבן פאַרן קינד אַ פלעשעלע מילך מיט עטלעכע ווינדעלעך, כדי ער זאָל, חלילה, ניט דאַרפן אינמיטנדערינען אַהיימקומען און זיך אַוועקזעצן אין „פראָנט־רום”, וועלכע די מאַמע האָט אויפגערוימט און געהאַלטן די טיר פאַרמאַכט פאַר געסט... און אַזוי האָט מען דעם טאַטן כסדר אַרויסגע'פטר'ט פון הויז, כדי ער זאָל זיך ניט פּלאָנטערן אונטער די פיס...

בלויז איין טאָג אין וואָך האָט מען מיט אומגעדלויד געוואַרט אויפן טאַטן און אַז ער האָט יענעם טאָג אַהיימגעבראַכט אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט מיט „פּיידע”, האָט מען עס ביי אים בכבוד גדול צוגענומען און אים געגעבן עטלעכע סענט פאַר „קאַר־פעיר” און ציגאַרעטס... אָבער היינט קען איך שוין אַ ליאַדע אינגל, אָדער מיידל, אַהיימברענגען אַ גרעסערע „פּיידע”, זיך אַליין אַראָפּנעמען פאַר ציגאַרעטס און אַז מ'דאַרף, קען די מאַמע אַליין באַווייזן דעם קונץ און ברענגען „פּיידע” אָן דעם טאַטן, און אַליין אויסרויכערן די ציגאַרעטס...

שפּעטער, ווען דער טאַטע האָט זיך שוין אַביסל אויסגעגרינט, האָט מען אים גענומען „יוזן” פאַר אַנדערע צוועקן: מ'האָט אים געהייסן אַרויפברענגען אַ פּייל קוילן פון קעלער, אַרונטערטראָגן ס'מיסט מיט די אַשעס, אַרויפשלעפּן ס'קינדער־וועגעלע אויפן „טאַפּ־פלאָר”, אַרויפטראָגן דעם מאַטראַץ אויפן „רוף” צו לופטערן, אַרונטערנעמען אַ טעלער פון דער אויבערשטער שאַפקע, אָפּשמייסן אַ קינד, אָנצינדן די גאַז, צו וועלכער די מאַמע האָט ניט געקענט דערלאַנגען, צוקנעפּלען דער מאַמעס קלייד פון הינטן און אַריינלייגן אַ שווער שטיקל אייז אין אייז־באָקס אַריין...

אָבער מיט דער צייט האָט מען שוין דעם טאַטן צו דעם אויך ניט באַדאַרפט. מ'האָט איינגעפירט „אינסינירייטאָרס”, סטים־היט. די געשירשאַפקעס זיינען שוין נידעריק, מיט איין קוועטש צינדן זיך אָן זעקס עלעקטרישע לאָמפּן, די קינדער זיינען שוין אַ גרעסערער „סייז” פונעם טאַטן און ער האָט שוין מורא זיי צו שמייסן. די קינדער־וועגעלעך האַלט מען שוין אונטן אין „סטאָרעדזש־רום” פאַר די אייניקלעך, דעם מאַטראַץ לופטערט מען מער ניט, ווייל מ'האָט איינגעפירט „די־די־טי”, אין קיך הודזשעט אַ פרידזשידעיר, אַז ס'ווערט פון אים קאַלט אין יעדן אבר און די קליידער האָבן איצט זיפּערס און מיט איין ציי ווערט דער מאַמעס נאַקעטקייט פאַרשוואונדן!... און אַזוי האָט מען זיך אָנגעהויבן צו באַגיין אָן דעם טאַטן אויף אַלע געביטן.

איז נאָך אָבער אַלץ געבליבן איין וואַזשנע פונקציע פאַרן טאַטן: צו זען אַז די מאַמע זאָל האָבן קינדער. האָבן אָבער די מאַמעס באַשלאָסן, אַז מ׳דאַרף ניט קיין קינדער. ס׳איז אַזוי אויך גוט! . . . אַי, וועט איר דאָך זאָגן, ליבע? . . . נו, אויף דעם זיינען פאַראַן באַרדערס אין אַמעריקע . . .

און אָט אַזוי האָט דער טאַטע זיך אָנגעהויבן אַרומצודרייען אין הויז ווי אַן איבעריקער. ווי אַ שונא, וואָס גייט אַרום פּוסט־און־פּאַס אָן אַ ציל און וואָס מער ווי צרות, קאָפּווייטיק און — קינדער, קען מען פון אים ניט האָבן . . . און די מאַמעס איז באַפאַלן אַ פּחד, יעדעס מאָל ווען זיי האָבן געגעבן אַ קוק אויפן טאַטן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן כדי פּטור צו ווערן פון אים.

איז געקומען די אַלמעכטיקע וויסנשאַפט אַליין און באַשלאָסן, אויס רחמנות אויף דער מאַמען, אײַנגאַנצן אויסצעראָטן דעם טאַטן מיטן וואָרצל, פּונקט ווי מ׳האָט אויסגעראָטן די פערד זינט דער אויטאָמאָביל האָט זיך באַוויזן און מיט גרויס הארצווייטיק האָט דער טאַטע דערזען, ווי ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די „טעסט־טיוב־בייביס" און ס׳האָט שוין גע־האַלטן דערביי, אַז די גאַנצע טאַטעוואַטע מענטשהייט זאָל גיין קאַפּוט, נאָר ס׳זאָלן בלייבן בלויז עטלעכע פליכעוואַטע, צעקנייטשטע טאַטעס, וועלכע מ׳וועט האַלטן אין גלעזערנע סלאָיעקעס אין אַ מוזייאום, כדי די צוקונפטיקע מאַמעס זאָלן האָבן אַ „סעמפּל" און זיך דערמאָנען פון ווע־מענס נעגל זיי זיינען דאָס באַפרייט געוואָרן.

און אַזוי האָט דער בידנער טאַטע שוין, נעבעך, געהאַלטן ביים פאַר־שווינדן פון דער סצענע! . . . אָבער פּונקט אין אָט־דער פיַנצטערער שעה פאַרן טאַטן, האָט זיך, ווי פון הימל, באַוויזן דער אַנטדעקער פונעם טאַ־טענס־טאָג און פּשוט געראַטעוועט דעם טאַטן פון אונטערגאַנג! . . .

און אָט צוליב דעם איין־און־איינציקן טאָג אין יאָר וואָס מ׳רופט: טאַטנס־טאָג לאָזט מען דעם טאַטן אַרומלויפן אַ גאַנץ יאָר פראַנק־און־פריי, מ׳גיט אים נאָך צו פרעסן און צו זויפן און מ׳שטאָפּט אים און מ׳האָדע־וועט אים, פּונקט ווי דעם אינדיק פאַר „טהענקסגיווינג־דעי"! . . .

און אַזוי ווי דער טאַטע איז אַ דאַנקבאַרע באַשעפעניש, לאָזט ער (כלומרשט צוליב זיין כבוד ועגן . . . ) זיך מאַכן אַ טאַטנס־טאָג, און אין אָט־דעם טאָג ווערן אויסגערייניקט די געשעפטן פון אַלע אַלטע, פאַר־שימלטע העמדער, פון פאַרוואונדעטע שניפּסן, צעבראָכענע ליולקעס, פאַרפלעקטע נאָז־טיכלעך, צעצויגענע שלייקעס, רואינירטע ציגאַרן, פאַר־וויאַנעטע שטעק־שיך, אויסגעשריבענע פאָונטען־פּענס און אַלערליי אַנ־דערע מענערשע אַנטיקן, וואָס איין גאָט ווייסט וואָס מ׳וואָלט מיט זיי גע־טאָן, ווען מ׳זאָל דעם בידנעם טאַטן ניט מאַכן קיין טאַטנס־טאָג! . . .

# נחת פון אייניקלעך

אונזער דור איז אַ דור פון לויטער אייניקלעך. קינדער זעט מען עפּעס אײַנגאַנצן ניט. זיי זײַנען אַרונטער פון דער סצענע.

צוליב די אייניקלעך איז שוין אויך אַ מזל־ברכה אויף זיידעס און אין באָבעס. וואו זײַנען אַהינגעקומען טאַטע־מאַמע? דער טאַטע — מסתמא ערגעץ אין שאַפּ, אין ביזנעס, בײַ די מיטינגען, בײַ די פערד־רעיסעס, בײַ דער געליבטער; די מאַמע — אין ביוטי־פּאַרלאָר, בײַ אַ פּויקער־געים, אין דעפּאַרטמענט־סטאָר, בײַ אַ קאָקטעיל־פּאַרטי, אָדער גאָר טרײַבנדיק דעם אויטאָמאָביל. איבעראַל קענט איר זיי געפינען, אַ חוץ — בײַ די קינדער. די קינדער לאָזט מען איבער צו די זיידעס און באָבעס, וועלכע טראָגן דעם אייניקל־יאָך מיט ליבשאַפט, אויף זייערע „יונגע״ פּלייצעס.

איך זאָג: אויף זייערע יונגע פּלייצעס, ווײַל איר דאַרפט וויסן, אַז די הײַנטיקע זײַנען ניט די אַלטמאָדישע זיידעס און באָבעס. הײַנט אַ באָבע האָט אַ פיגורקע פון אַ זעכצענער־סײַז, אַ קאָפּ פון די סאַמע בלאָנד־סטע לאָקן, און יעדעס קנייטשל אויפן פּנים איז פּאַרדעקט מיט זעכצן שמירעכצער, אַזוי אַז ווען זי פירט דאָס קינדער־וועגעלע מיטן אייניקל וואונדערט איר זיך ווי ס׳קומט צו אַזאַ יונגער מיידל אַ קינד. און דער הײַנטיקער זיידע איז אויך ניט פון די אַמאָליקע זיידעס, מיט די גרויסע בעזימדיקע בערד מיט די שטעכעדיקע וואָנצעס און נאָז־לעכער ווי צוויי גרויסע טאַבאַק־פּושקעס, פון וועלכע ס׳האָט כסדר אַרויסגעשאָסן אַ ני־סעריי ווי פון אַ שיסטדיקן גייזער.

אַ הײַנטיקער זיידע האָט אַ פּיינעם, געגאָלטן פּנים, מיט אַ גלאַטן, גלאַנציקן פּליך, טראָגט אַ זיידענעם שניפּס, לייענט די „פאַניס״ און שפּילט אין באָל מיט די קינדער.

בײַ די אַמאָליקע זיידעס האָט דאָך בלויז די באָרד אַליין פאַרנומען דעם גאַנצן פּאַרנט, און וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אונטער אָט דער באָרד, איז פאַר אונז קינדער געווען די גרעסטע געהיימניש. איך געדענק, ווען איך האָב מיך אַמאָל געשפּילט מיט מײַן זיידנס באָרד אַזוי לאַנג, ביז איך האָב אַנטדעקט, אַז ער טראָגט אַ שוואַרץ שניפּסל אונטער דער באָרד. האָב איך געמיינט, אַז איך האָב אַנטדעקט דאָס גרעסטע געהיימניש. און פון דאַן אָן האָט מען אין שטאָט גערעדט, אַז איך וואַקס אַ געניאַלער דעטעק־טיוו.

# ה י ר ש   ר י י ף

די הײנטיקע זײדעס און באָבעס זײַנען דערפֿאַר טאַקע גאַנצע פּאַט־ריאַטן פֿון די אײניקלעך און זײַנען זײערע גרעסטע „פּובליסיטי־אַגענטן", און לויט זײער „פּובליסיטי" זײַנען דאָס ניט קײן אײניקלעך, נאָר פּשוט'ע גאונים !

אַמאָל, אַז אַ זעקס־זיבן־יעריק אינגל האָט אויף אַ פֿידל אויסגע־סקריפּעט „דאָס פּינטעלע איד" אָדער אויף אַ פּיאַנאָ אויסגעקלאַפּט „אלי, אלי", אָדער ער האָט זיך אָנגעקלעפּט אַ פּאָר װאָנצעס און פֿאַרדרײט די פּיסלעך ; אָדער אַז אַ זעקס־יעריקע מײדעלע האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און געטאַנצט אין גאַס צום טאַקט פֿון אַ קאַטערינקע, האָט די װעלט גע־שריען, אַז דאָס װאַקסט אַ יאַשאַ חפֿץ, אַ פּאַדערעװסקי, אַ טשאַרלי טשאַפּ־לין, אָדער אַ איזאַדאָראַ דאַנקאַן. הכּלל — װאונדער־קינדער !

אָבער הײנטיקע צײַטן, נעמט אַ ליאַדען דרײַ־פֿיר־יאָריק אײניקל, שפּילט ער שוין שאַך און דערלאַנגט דעם זײדן מאַט ; קען די אײנשטײן־טעאָריע, װײסט אַלע גט־פּראָצעסן װאָס קומען פֿאָר אין האָליװאוד, װײס װעלכע װיטאַמינען עס זײַנען גוט צו אַנטװיקלען זײַנע מוסקולן ; װען ער פֿאָרט מיטן זײדן אין אויטאָמאָביל, שטעקט ער שוין אַלײן אַרויס די האַנט װען מ'דאַרף מאַכן אַ „לעפֿט־טוירן", און װען ס'װערט פֿינצטער אין הויז שטעלט ער שוין אַלײן אַרײַן אַ „פֿיוז".

און טאַקע דערפֿאַר גאַפֿן אַזוי די הײנטיקע זײדעס און באָבעס פֿון דער קלוגשאַפֿט פֿון זײערע אײניקלעך.

און װאָס איז דער װאונדער ? אַז אַזוי שנעל װי דאָס הײנטיקע אײ־ניקעל דערזעט די ליכטיקע װעלט, דערהערט עס באַלד אויף דער ראַדיאָ דזשעק בעני'ן, געפֿינט באַלד אין בעט די „פֿאַניס", דערזעט אויף דער װאַנט דאָס בילד פֿון בעטי גרײבל, הערט די דיסקוסיעס בײַם רונדן טיש װעגן פֿאַמיליען־אָנגעלעגנהײטן און פֿיבערט־מיט מיט די באַריכטן פֿון די בעיזבאָל־געימס, און װערט באַלד אַ „יענקי" אָדער אַ „דאַדזשער", און נעמט ניט די ברוסט אין מויל אַרײַן, אויב ער איז ניט זיכער אַז ס'איז דאָרט פֿאַראַן „גרעיד־עי" מילך.

אַז איר קומט אַרײַן אין אַ הויז באַפֿאַלן אײַך אַ מחנה אײניקלעך װי די פֿליגן. אין אײן מינוט צײַט ליגט איר שוין אויפֿן דיל אויף אַלע פֿיר און דאָס ביסל אײניקלעך רײַט שוין אויף אײַך װי אויף אַ פֿערדל. אין אַ מינוט װערט פֿון אײַער שניפּס אַ פּאָר לײַצעס און אײַער שװאַרץ גאַרני־טערל װערט װײס, און אײַער שנײ־װײסע העמד װערט שװאַרץ. איר קײקלט זיך שוין אויפֿן דיל און לאַכט אויפֿן קול און ס'דוכט זיך אײַך אויס, אַז איר זײַט אַלײן אויך געװאָרן אַ שטיקל אײניקל און איר דערמאַנט זיך

# לחיים אידן

און אייך דוכט זיך, אַז אַזוי האָבן געטאָן אַלע מענטשן ווען זיי זייגען גע־ווען איינִיקלעך, און איר זוכט די ניסים ונפלאות פון די הײַנטיקע אייניק־לעך וואָס איר הערט זיך אָן אָנדערציילן, און מיט אייער נאַרישן שׂכל קענט איר זיי ניט געפינען.

אָבער די באָבע, אַ לויכטנדיקע, שטייט און באָדט זיך אין נחת; שרייט, אַז די איינִיקלעך זייִנען צוקער־זיס און קלוג ווי די וועלט, און זי באַדויערט, וואָס זי האָט אײַנגאַנצן געבוירן, געהאָדעוועט און געהאָט קינ־דער וועלכע זיינען אויסגעוואַקסן גאָרנישט־מיט־נישט. וואָלט דען ניט בעסער געווען ווען זי וואָלט באַלד געהאַט אַליין די איינִיקלעך, און פּטור!?

עפּעס אַ קלייניקייט די הײַנטיקע אייניקלעך!

און אָט הייסט אייך די גליקלעכע באָבע מיט גרויס באַגייסטערונג צוליגן אַן אויער און הערן ווי דאָס מיידלדיקע איינִיקל זינגט. איר ליגט־צו אַן אויער און הערט: „אַ־אַ־אַ!" דוכט זיך אייך, אַז דאָס שרייט זי אַזוי, אָבער די באָבע, וואָס קען דעם לשון פון הײַנטיקע איינִיקלעך, זאָגט אייך, אַז דאָס זינגט זי אַן אַריע פון „לאַ טראַוויאַטאַ". און אַז דאָס אײַנגלדיקע איינִיקל וואַרפט אַן עפּל און צעברעכט אַ שויב, זאָגט אייך די גליקלעכע באָבע, אַז דאָס וואַקסט אַ גרויסער וויסנשאַפטסמאַן, און ער דעמאָנסטרירט דאָס ווי אַזוי עס אַרבעט אַן אַטאָמישע באָמבע . . . און טאָמער קערט ער איבער אַ קרוג מיט וואַסער, זאָגט זי, אַז ער וואַקסט אַ גאון אין איריגאַ־ציע . . . און טאָמער שטעלט ער אייך אַרויס הינטער די פּלייצעס אַ „פֿאַ־ני" נאָז, זאָגט זי אַז דאָס וואַקסט אַ פּאָליטישן אָדער דיפּלאָמאַט. און ווען ער קריכט אַרונטער אונטער אַן בעט, איז אַ סימן, אַז ער וואַקסט אַ מאָדער־נער רעוואָלוציאָנער, וועלכער וועט שרייבן פייערדיקע פּראָקלאַמאַציעס און רופן, אַז „יענער" זאָל גיין אין קאַמף און אַליין ליגן אונטערן בעט . . .

און צוזאַמען מיט די זיידעס און באָבעס, לאָמיר אַלע אויסשרייען: „נידער מיט די קינדער! פון די קינדער האָבן מיר געהאַט בלויז צרות און האַרצווייטיק. אָבער די איינִיקלעך, אָט צוליב זיי האָט זיך שוין אַפילו געלוינט צו האָבן קינדער אויך! . . ."

# איך בין אַן אַמעריקאַנער

די שטאָט ניו־יאָרק האָט מיר געשיקט אַן איינלאַדונג, כ'זאָל קומען היינט אין סענטראַל פּאַרק און אַרויסווייזן מיין פּאַטריאָטיזם צו אַמעריקע. טו איך זיך אָן אין מיינע שענסטע קליידער און לויף אין סענטראַל פּאַרק אַריין! איך ווייס ניט, צי איך וואָלט געגאַנגען אין פּראָספּעקט פּאַרק, אָדער אין בראָנקס פּאַרק, נאָר אין סענטראַל פּאַרק — לויף איך! . . .

אין מיינע גרינע יאָרן, אין די הייסע זומערדיקע זונטיקס, האָט מיין משפחה איינגעפּאַקט גאַנצענע פּושקאַרטס מיט פּרוכט, מיט קאָרנד־ביף־סענדוויטשעס, און איך — אויסגעפּוצט אין מיין האָרטן שטרויענעם קאַ־פּעליוש — האָב אָנגעטאָן אַ פרישן פּאַפּירענעם קראַגן און געמאַכט אַ נסיעה אין סענטראַל פּאַרק. דאָרט, אויף דער גרינער לאָנקע, פלעגן מיר פּראָווען אַ באַנקעט און מיר דאַכט זיך, אַז עס ליגן נאָך היינט דאָרט די באַנאַנע־שאָלעכץ און די אַלטע אידישע צייטונגען, וואָס מיר האָבן דאָרט פאַרזייט!

אויף דערזעלבער לאָנקע בין איך שפּעטער געזעסן מיט מיין לאַנדס־מיידל ריזל און וויפיל שטערן ס'זיינען געווען אין הימל, אַזוי פיל קושן האָב איך אין איר אַריינגעשאָסן . . . און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, איז מיין ווייס, אויסגעפּרעסט סוטל געווען צעקנייטשט און גרין, ווי דאָס גרי־נע גראָז, און מיין יעדער גענעץ האָט פאַרטריבן די פויגעלעך אַרום אונז . . .

און דאָרט, אויף דער גרינער לאָנקע, פלעג איך זיך מיט רייזלען צעקריגן אַלע פּאָר וואָכן. און כדי ניט צו פאַרלירן קיין צייט, האָב איך דערווייל געציילט די שטערן אויף לייטשע'ס באַקן און צעקנייטשט לעבן איר מיין סוטל אויף אַן אַנדער לאָנקע, ווייל דער סענטראַל פּאַרק האָט געהאַט גענוג לאָנקעס, און דער הימל — גענוג שטערן! . . .

היינט די ליבעס־ווערטער וואָס איך האָב דאָרט פאַרזייט! איך קען שווערן, ווען איך שפּאַציר אין סענטראַל פּאַרק, אַז נאָך היינט הער איך דעם עכאָ פון די חכמות וואָס איך האָב דאָרט אַריינגעשושקעט אין מיידל־שע אויערן!

שפּעטער, ווען איך בין גרינטלעך באַקאַנט געוואָרן מיט דער געאָ־גראַפיע פון סענטראַל פּאַרק, האָב איך געוואוסט אַלע הונדערט טויערן אַריינצופירן אַ מיידל, נאָר איך פלעג זיך אַלעמאָל פאַרפּלאָנטערן ווען

# לחיים אידן

ס׳איז געקומען דאָסזעלבע מיידל אַרויסצופירן. און ס׳האָט מיך ניט געאַרט, וואָס דאָס מיידל פלעגט לאַכן דערפון וואָס איך בין אַזוי אומבאַהאָלפן, ווייל — ס׳איז מיר געווען אַזוי גוט אין מיין הילפלאָזיקייט . . .

סענטראַל פּאַרק האָט מיך אַלעמאָל געראַטעוועט פון אַ שווערן פינאַנציעלן קריזיס . . . אַז אַ מיידל האָט מיך גערופן צום פינפטע עוועניו באָס, כדי זיך אַביסל דורכצופאָרן, פלעג איך זי שלעפן אין סענטראַל פּאַרק. דער באָס, — פלעג איך טענה׳ן, — שאָקלט זיך, און די בענק אין פּאַרק שטייען פעסט און — טראַכטן — ס׳קאָסט ניט קיין געלט! . . . זי פלעגט מיך רופן אין די „פּאָרביטשע סטאָרס”. מיר וויזן די ווייכע שטולן און געבעטע סאָפעס, און איך פלעג שרייען, אַז די לאָנקע אין פּאַרק איז ווייכער און קילער! . . . אַז זי האָט גע׳חלש׳ט צו גיין אין אַ אייזקרים־פּאַרלאָר, האָב איך איר פאַרזיכערט, אַז דאָס וואַסער פונעם פאָונטען אין פּאַרק איז פרישער און געזינטער . . . זי פלעגט מיך ציען צו די שוי־פענצטער און מיר וויזן די רינגלעך, בראַסלעטן און בריליאַנטענע אויערינגלעך, און איך פלעג איר פאַרזיכערן, אַז אין פּאַרק וועל איך איר אָנטאָן אַ קרוין פון בלעטער און רויזן, וועל איר געבן אַ פּאָר פייערדיקע בריליאַנטענע שטערן און וועל זי טראָגן אויף די הענט ווי אַ הימלישע פּרינצעסין.

אַז איך האָב חתונה געהאַט פלעגט עס מיך נאָך אַלץ ציען אין סענטראַל פּאַרק. איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן, אַז די מיידלעך זיצן דאָרט מיט אַנדערע בחורים און חלומ׳ען. מיר האָט זיך שטענדיק אויסגעוויזן, אַז זיי זיינען קאַליקעס און אַז איך קען בעסער די מלאכה פון זיי . . .

אַז מיין ווייב האָט מיר געשענקט אַ קינד, האָבן מיר זיך איבערגעצויגן קיין האַרלעם, און סענטראַל פּאַרק איז געוואָרן מיין שטענדיקע היים. דאָרט פלעג איך אַרומשפּאַצירן אַרום דעם וואַסער־רעזערוואואַר. דאָרט, ביים טייכל, האָב איך זיך אויסגעלערנט דאָס לשון פון די קאַטשקעס; דאָרט פלעג איך אויסזינגען אַלע רעוואָלוציאָנערע לידער; דאָרט האָב איך געקעמפט מיט די פרומע אידן, זיך געקריגט מיט די ציוניסטן, שפּעטער זיך געשלאָגן מיט די קאָמוניסטן. מיט אַלעמען זיך אויסגעקריגט, אַ חוץ מיט — מיידלעך! . . . ווייל אַמעריקע האָט מיך געלערנט, אַז מ׳דאַרף ניט נאָר האַסן, נאָר אויך ליבן! און איך האָב ליב געהאַט מיט פייער, מיט ברען, מיט האַרץ! אויף דעם וועלן עדות זאָגן די ביימער, די ווינטלעך, די לבנה, די שטערן און — די בענק, וועלכע זיינען דאָרט שטענדיק געשטאַנען צו מיין דינסט . . .

שפּעטער האָט מיין ווייב גענומען קינדלען און איך האָב גענומען

פארזייען אַמעריקאַניזם פאַר דער צוקונפט. איך האָב געקוואָלן פון נחת, ווען מיין מיידעלע האָט זיך געשפּילט מיט איר ליאַלקע, געשפּרונגען אי־בער איר שטריק, און מיינע אינגלעך האָבן געשפּילט באָל, געשפּאָלטן קעפּ, אויסגעשלאָגן שויבן אין די פענצטער. אַהיימגעקומען מיט אונטער־געהאַקטע זייטן, מיט צעפּלאַטשטע נעזלעך, מיט בלויע רינגען אַרום די אויגן און אויסגעדראַפּעטע לאַנד־קאַרטעס אויף די פּנים׳ער.

און אַז זיי זיינען אויסגעוואַקסן, זיינען זיי געגאַנגען אינעם טאַטנס דרכים . . . פאַרכאַפּט די בעסטע בענק, אויסגעזוכט אַלע פינצטערע אַלייען, געענוצט דעם זעלבן הימל, די זעלבע שטערן, גע׳חלומ׳ט די זעל־בע חלומות, אַריינגעשושקעט אין די מיידלשע אויערן די זעלבע נאַריש־קייטן, אָבער — שוין אויף ענגליש, ווי אמת׳ע אַמעריקאַנער! . . .

דערפאַר, אַז מ׳רופט מיך היינט אין סענטראַל פּאַרק, צו דעמאָנסט־רירן מיין פּאַטריאָטיזם און אַמעריקאַניזם, גיי איך מיט באַגייסטערונג, און דאָרט, לעבן דער סטאַטוע פון בעטהאָווען, וואו איך פלעג שווערן מיינע געליבטע, אַז איך וועל זיי אייביק ליבן מיט פייער און ברען, דאָרט וועל איך שווערן, אַז איך האָב דיך ליב, אַמעריקע! כ׳האָב ליב דיינע טייכן און פּרעיריס, דיינע „האָט דאָגס” און דיין „טשואינג־גאָם”; כ׳האָב ליב דיינע וועלדער, דיינע פויגל און — דיינע דזשעז אָרקעסטערס! כ׳האָב ליב דיינע בערג און דיינע טאָלן און דיינע מואַוויס, וואו מ׳מאַרדעט און מ׳קושט זיך פאַר פופציק סענט אַ טיקעט! כ׳האָב ליב דיינע ראַדיאָס, אויף וועלכע מ׳שפּילט־אויס אָן אָפּערע אויף אַ רעקלאַמע פון אונטער־וועש! . . . כ׳האָב ליב דיין יעלאָוסטאָון־פּאַרק, דיין גרענד קעניאָן און דיינע קוילן־מינעס! כ׳האָב ליב דיין „האָרי־אָפּ”, דיין „סלעק”, דיינע „סלאָמס”, דיינע הימל־קראַצערס! כ׳האָב דיך ליב „אָל־עראַונד”, פּונקט ווי מ׳האָט ליב אַן אמת׳ע געליבטע, מיט אַלע איר מעלות און חסרונות...

כ׳האָב דיך ליב, אַמעריקע, כאָטש איך האָב דאָ ביי דיר איבערגע־לאָזן מיינע בעסטע יאָרן; כאָטש איך האָב דאָ ביי דיר געקראָגן אַ קורצן אָטעם, אַ שוואַך האַרץ, אַ צוקער־קראַנקהייט, אַ שטעכעניש אין די זייטן און אַן אומענדלעך ריזיקן פליך. אָבער דערפאַר האָסטו מיר צוריקגע־געבן סאָשעל סעקיורעטי, אינשורענס פּאָליסיס, טויטן־בענעפיט, האָום־רעליף, אַ פיין שטיקל קרקע, עלטער־פאַרזיכערונג און אַלערליי וויטאַ־מינס! . . .

און דעריבער בעט איך היינט גאָט פאַר דיר, ער זאָל דיך אויסהיטן פון אַלערליי פאַשיסטן, קו־קלוקס־קלעניקעס, אַנטיסעמיטן און אַלערליי אַנדערע שלעק און שונאים, וועלכע זוכן דיך צו פאַר׳מיאוס׳ן אין מיינע אויגן! זאָלן זיי די הענט זייערע ניט דיגען דערפאַר!

# אַ לענדלאָרד מיט פופציק צימערן

שטיי איך מיר אַזוי אַנומעלטן לעבן מיין הויז וואו איך וואוין און וואַרט פאַרן בריוטרעגער און קוק דערוויל אַריין אין אַ אידישער צייטונג. גייט דורך דער סטריט־קלינער מיט זיין ווענעלע און בעזים, און דערזעענדיק אַ אידישע צייטונג, קומט ער צו און זאָגט:

— אַ איד? וואו קומט אַהער אַ איד? דאָס איז דאָך אַ גאַס פון לויטער גוים. ס'ערשטע מאָל אַז איך זע דאָ אַ איד! מסתמא, — זאָגט ער, — איז עס אייער הויז. אוודאי געקומען קאָלעקטן רענט!

זאָג איך:

— ניין. ס'איז ניט מיין הויז. איך וואוין דאָ בלויז.

— נו, און אַז ס'איז אייער הויז, — זאָגט ער, — דאַרפט איר מורא האָבן? וואָס־זשע, איך וועל עס ביי אייך, חלילה, צונעמען?!

זאָג איך: — צונעמען, וואָס'ט איר צונעמען? מ'זאָגט דאָך אייך, אַז ס'איז ניט מיין הויז!

— היינטיקע צייטן, — זאָגט ער, — אַז מ'האָט אַ הויז דאַרף מען זיך ניט שעמען. ס'איז אַ פיין שטיקל ברויט!

— אַ פיין שטיקל ברויט, — זאָג איך, — איז עס, אָבער ס'איז ניט מיין ברויט!

— גלייבט מיר, — זאָגט ער, — ס'איז ברויט מיט פּוטער און איך פאַרגין עס אייך מיטן גאַנצן האַרצן. הלוואי האָב איך אַזאַ הויז. און ער הייבט אויף דעם קאָפּ אין דער הויך און שמאַצקעט מיט די ליפּן:

— אַ, וואַ! אַ וואַזשנע הויז!...

הכלל, מיר האָבן זיך אַזוי געראַנגלט אַ שטיקל צייט. איך האָב געשריען, אַז איך בין דאָ בלויז אַ באָרדער, און ער האָט ניט אַנדערש געוואָלט, נאָר, אַז ס'איז מיין הויז. ווייל, ווי קומט אַ איד צו וואוינען אין אַזאַ גוי'אישער גאַס? אַן אייגן הויז, פרנסה, איז עפּעס אַנדערש! וואָס זאָל מען טאָן?

האָב איך דאָך געזען, אַז איך קען דעם אידן ניט איבער־שפּאַרן, האָב איך אַ זאָג געטאָן איראָניש:

— מילא, איך זע דאָך, אַז איר זענט אַ איד פון יענע אידן און איר לאָזט זיך ניט אָפּנאַרן, טאָ זאָל שוין זיין, אַז ס'איז מיין הויז!...

זאָגט דער איד: — אָט אַזוי רעדט איר ווי אַן אָנשטענדיקער מענטש!

## הירש רייף

כ'האָב ניט ליב, אַז מ'וויל מיר איינריידן זאַכן!

און אַזוי איז עס שוין פאַרבליבן, אַז ס'איז טאַקע מיין אייגן הויז, אַבי ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון מיר! . . .

נו, וויבאַלד אַז ס'איז שוין טאַקע מיין הויז, נעמט ער מיך שוין אויס־פרעגן וויפיל צימערן ס'הויז האָט און נאָך איינצלהייטן. טראַכט איך: נו, אויב גאָט האָט מיר שוין יאָ געהאָלפן איינמאָל אין מיין לעבן מיט אַן אייגן הויז, טאָ זאָל עס שוין זיין אַ וואָזשנע הויז! און איך ענטפער אים אויף זיינע פראַגן, אַז ס'הויז האָט פופציק צימערן. פראָפיט? מיר מעגן עס בײַדע פאַרדינען אַלע טאָג! . . . אַלע צימערן פאַרדונגען. דער מאָרט־געדזש? וויים איך וואָס, כמעט קיין מאָרטגעדזש ניט! און איך אַליין וואוין אין אַן אַפּאַרטמענט פון פיר צימערן. ס'איז נאָר שלעכט, וואָס מ'קריגט ניט אימיצן צו רייניקן דעם אַפּאַרטמענט!

— מסתמא, — זאָגט דער איד, — אַוועקגעשיקט ס'ווייב אין דער קאַנטרי!

— ניין, — גיב איך אַ קרעכץ, — ס'ווייב איז שוין אויפן עולם־האמת! אַן אַלמן ניט פאַר קיין שום אידן געדאַכט.

— אַי, אַי, אַי, אַן אַלמן, — שמאַצקעט דער איד מיט די ליפּן, — ווי וואוינט דאָס אַ איד איינער אַליין צווישן גויים?! מ'זאָגט אַ איד האָט ניט קיין פּרנסה! אָבער אַ איד, אַ גביר, קיין עין־הרע, מיט אַזאַ גרויס הויז מיט פופציק צימערן, און אפשר מיט נאָך אַ פּאָר הייזער ערגעץ, מ'קען דען וויסן — אָט האָט איר דאָך דאָס הויז אויך געוואָלט פאַרלייקע־נען. נאָך גוט וואָס כ'האָב זיך ניט געלאָזט איינריידן, — אַזאַ איד זאָל אַליין אָפּפינצטערן די יאָרן?!

גיב איך אַ קרעכץ: — וואָס זאָל מען טאָן?!

— וואָס הייסט, — זאָגט דער איד, — וואָס מ'זאָל טאָן, מ'טוט וואָס אַ איד אַ גביר דאַרף טאָן! מ'האָט חתונה! . . . מיט וועמען, זאָגט איר? ווילט נאָר חתונה האָבן וועט איר שוין האָבן מיט וועמען! . . . איר הערט, אָט טאַקע דאָ ניט ווייט, געקסטן בלאָק, זיבעטע עוועניו, איז פאַראַן אַ קליינינג סטאָרקע, איז אָט־די סטאָרקע האַלט אַן אַלמנה. שוין זעקס־זיבן יאָר ווי דער מאַן איז ביי איר געשטאָרבן. איבערגעלאָזט אַ פאַרמעגנס מיט גאָלד און אַ גוט־גייענדיק געשעפט. אַ ווייבל אַ ברען. מיט גאָל־דענע הענט. קען איך מאַכן פון דער ערגסטער שמאַטע אַ נייעם בגד. און שיין, אַ בת־מלכה! גאָלד און זילבער און בריליאַנטן! גלייבט מיר, זי וועט זיך אייך צעגיין אין אַלע אברים! איר וועט אויפלעבן! . . . גייט

אַריין און רעדט זיך דורך מיט איר און — האָט חתונה! די צייט שטייט ניט! ניט קיין תכלית פאַר אַ אידן אַזוי אַליין אָפּצופּינצטערן די יאָרן!...

זאָג איך: — וואָס הייסט איך וועל אַריינגיין צו אַ פרעמדער ווייבל און ריידן מיט איר וועגן חתונה האָבן? ס'איז עפּעס נישט! איך קען דאָס ניט!

— וואָס הייסט, — זאָגט דער איד, — ווי אַזוי? מ'גייט אַריין און מ'רעדט זיך דורך! וואָס זענט איר קינדער?! אַ גרויסער מענטש זאָל פרעגן אַזאַ נאַרישע קשיא!

אַז דער איד זעט, אַז איך האַלט זיך ביי דאָס מייניקע און וויל ניט אַריינגיין, רופט ער זיך אָפּ און זאָגט:

— ווייסט איר וואָס, גייט אַריין און זאָגט, אַז דער סטריט־קלינער פון קוני־איילאַנד האָט אייך געשיקט. מער וועט איר גאָרניט דאַרפן זאָגן. זי וועט שוין וויסן.

זאָג איך: — וואָס הייסט, ער'ט מיך געשיקט?! נאָך וואָס האָט ער מיך געשיקט?

ווערט שוין דער איד אויפגערעגט און נעמט שרייען אויפן קול:

— איר זענט אַ מאָדנער מענטש, — שרייט ער, — איך רעד צו אייך ווי צו אַ פריינט, איך מיין אייער טובה, איך וויל אייך זאָל זיין גוט! און איר שטייט און צאַפּט מיר ס'בלוט! גייט אַריין, — זאָג איך אייך, — און זאָגט, אַז דער סטריט־קלינער פון קוני־איילאַנד האָט אייך געשיקט — און דאַצאָל! גלייבט מיר, ס'וועט אייך זיין גוט ווי די וועלט! איר'ט מיר דאַנקען. איר'ט מיר קושן די טריט! אַזאַ גליק! איך וועל מיט איר פריער ריידן. ס'וועט זיין אַלעס גוט!

זע איך דאָך, אַז דער איד מיינט טאַקע בלויז מיין טובה, גיי איך מיט עטלעכע טעג שפּעטער — אָן אויסגעפּוצטער, מיט אַ פּעטן, גראָבן ציגאַר אין מויל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ לענדלאָרד, וואָס האָט פופציק ציי־מערן, נעם איך און גיי אַריין מיט אַ וואָזשנעם געשטעל אין דער סטאָר־קע. אַז דאָס ווייבל איז צו מיר צוגעקומען, האָט מיר אַזש געגעבן אַ בלענד פאַר די אויגן פון איר שיינקייט, און אַז זי האָט מיך מיט איר ליבן שמייכל געפרעגט וואָס איך וויל עפּעס זאָגן, האָט דאָס בלוט אין מיר אָנ־געהויבן קאָכן און ס'איז מיר געוואָרן גוט און וואַרעם ווי אין אַ באָד!...
און איך האָב אַ פאַרשעמטער אַרויסגערעדט:

— דער סטריט־קלינער פון קוני־איילאַנד האָט מיך געשיקט.

— אָ, איר זענט דאָס דער, — האָט זי מיט נאָך אַ זיסערן שמייכל

געזאָגט, — יאָ, איך ווייס שוין אַלעס וועגן אייך, דער סטריט־קלינער פון קוני־איילאַנד האָט מיר שוין אַלעס דערציילט. לויט זיינע רייד זענט איר גאָר גאָר אַ וואָזשנער מענטש. נאָר דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו ריידן, איר זעט דעם פּרעסער אין די בעק? ער ברענט ווי אַ פייער אַז ער זעט מיך ריידן צו אַ מענטש — איך מיין צו אַ מאַן, — האָט זי געגעבן אַ שעלמישן שמייכל און אַ ווינק מיט די אויגן, — אַ פאַרשלעפּטער קרענק, קען זיך ניט אָפּטשעפּען פון אים. אַזוי אַ גאַנץ פיינער מאַן, נאָר אַ קבצן מיט אַ פּעטן! גייט אַהיים, איך וועל אין אָוונט צוקומען צו אייך. איך ווייס דאָך וואו איר וואוינט. און מיט איר וואַרעמען שמייכל האָט זי מיך ליבלעך צוגעפירט צו דער טיר . . .

מילא, יענע נאַכט האָב איך שוין מער ניט געקאָנט שלאָפן. אַזאַ גליק! אַזאַ ווייבל! אַזעלכע אויגן! אַזאַ שמייכל. אַזאַ ברען! און — אַזאַ סטאַרקע! . . .

אַוועק אַ פּאָר טעג און זי איז ניט געקומען. בין איך געוואָרן אומ־רואיק, געבענקט נאָך איר. זיך ניט געקענט געפינען קיין אָרט. ס'האָט מיך געצומען ציען צו איר ווי מיט צוואַנגען. וואָס טוט מען? אפשר איז זי, חלילה, קראַנק? איך האָב באַשלאָסן צוצוגיין צו איר.

ווען איך האָב געעפנט איר טיר, איז זי געגעבן אַ שפּרונג צו צו מיר ווי אַ ווילדע קאַץ. איר שמייכל איז געווען פול מיט סם און סאַרקאַזם. אירע אויגן האָבן מיך געשטאָכן ווי צוויי שפּיזן און זי האָט אויפגעעפנט אַ מענה־לשון און געשריען:

— אַרויס פון מיין סטאָר! איר וויסטער קאַבצעניוק! בלאָפער! איר זענט אַזוי אַ לענדלאָרד ווי איך בין אַ רבי'צין. ס'איז אַזוי אייער הויז ווי מיינס! איך האָב זיך באַקענט מיטן אמת'ן לענדלאָרד! ער האָט מיר געוויזן אייער רומקע גרויס ווי אַן אייער־קעסטל! אַ פיר צימערדיקן אַפּאַרטמענט האָט ער! אַ שאָד וואָס מיין פּרעסער איז איצט ניטאָ! ער וואָלט אייך שוין געוויזן פאַר אָפּנאַרן אַן אָרימע אלמנה! . . .

איך בין אַרויס פון דער סטאַרקע ווי אַן אָפּגעשמיסענער. איך בין געלאָפן אַ היים און געטראַכט: מילא, ניט באַשערט געווען קיין גליק! מ'דאַרף עס אַריבערטראָגן. ס'איז דאָך ניט ס'ערשטע מאָל וואָס אַ ווייבל טרייבט מיך אַרויס פון הויז! . . .

גייענדיק אהיים, האָב איך אויפן וועג באַגעגנט דעם סטריט־קלינער מיטן וועגעלע און דעם גרויסן בעזים און ער האָט מיך ערשט מכבד גע־וועזן:

## לחיים אידן

— פייקער! בלאָפער! שווינדלער! באַרימער! קוק אים נאָר אָן דעם גרויסן לענדלאָרד מיט די פופציק צימערן! ער'ט מיר איינרעדן אַז דאָס איז זיין הויז! איך האָב אָבער באַלד געזען, אַז דאָס איז אַ בלאָ־פער! נאָר אַז אַ מענטש זאָגט, האָב איך געטראַכט, כ'ווייס, אפשר? איצט האָט מיך דאָס ווייבל אַרויסגעטריבן פון סטאָר. זי שרייט, אַז איך האָב זי אָפּגענאַרט, געמאַכט חוזק פון איר און איך שעם זיך צו ווייזן ס'פנים פאַר איר! . . .

איך האָב עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער ער האָט אויפגעהויבן זיין בע־זים און געשריען:

— רעדט ניט, פייקער וואָס איר זענט! נעמט אַ פרעמדן מענטשן און נאַרט אים אָפּ! אוועק, ווייל איך וועל אייך דערלאַנגען מיטן בעזים! בו, אַ מענטש אַ פייקער!

# אַ פאַרקערטע וועלט

זיצן צוויי אידן אין פאַרק, איינער ר' מנשה, איז אַן אמת־פרומער, גלויבט אין גאָט, אין זיינע דרכים און אין זיין הייליקער תורה אָן רעזערוואַציעס. דער צווייטער איז אויך ניט, חלילה, קיין אפּיקורס, נאָר שוין אַביסל אַ סקעפּטיקער. קען ניט ליידן, אַז ס'פירט זיך ניט מיט אַ סדר, מיט שכל און יושר.

זאָגט ר' לייבוש דער סקעפּטיקער :

— איר הערט, ר' מנשה, מיר זיינען דאָך אידן און ס'איז קיין שום ספק, אַז דער, וואָס כ'האָב די הענט נישט געוואַשן, פירט זיין וועלטל מיט שכל און יושר, פונדעסטוועגן כאַפּט זיך ביי מיר אַמאָל אַריין אַ מחשבה, אַז דאָ און דאָרט האָט דער רבונו־של־עולם געמאַכט אַ שטיקל טעות. אָט נעמט טאַקע, למשל, שפּינט ער זיין פילאָזאָפיע, אָט נעמט טאַקע דעם מענטש אַליין. אָט זיצן מיר דאָ אין פאַרק, ציילן די טעג און שלינגען די לופט. איצט, ווען מיר האָבן שוין אַזוי פיל דערפאַרונג, ווען מיר זיינען שוין באַהאַוונט אין תורה און חכמה, און מיר פאַרשטייען שוין וואו־איין און וואו־אויס, און מיר וואָלטן שוין געוואוסט ווי אַזוי צו געניסן פונעם לעבן, איצט זיינען מיר אַלט און שוואַך און דאָס כסדר'דיקע טראַכטן פונעם טויט פאַראומערט אונז דאָס לעבן. פאַרקערט, ווען מיר זיינען געווען פּיצלעך, עופה'לעך, ביי דער מאַמעס ברוסט און ס'איז אונז געווען גוט ווי די וועלט, האָבן מיר גאָרניט געוואוסט און ניט באַגריפן ווי גליקלעך מיר זיינען געווען ! . . .

— וואָלט דען ניט געווען, — טענה'ט ער ווייטער, — מער שכל'דיק און מער יושר'דיק, אַז דער מענטש זאָל געבוירן ווערן אַלט, קראַנק, שוואַך, אָבער מיטן פולן שכל ווי אַזוי צו פירן זיין וועלטל און ביסלעכווייז זאָל ער ווערן אינגער און אינגער, געזינטער און זען פאַר זיך אַ געזונטע מיטליאָריקייט און וואַרטן אויף דער גליקלעכער יוגנט, און ווען ער וועט קומען צו דער קינדהייט, ווען דער שכל און דער באַוואוסטזיין וועלן אים פאַרלאָזן, זאָל ער אויסהויכן זיין לעצטן אָטעם ביי דער מאַמעס ברוסט, אויסלעבן זיינע לעצטע עטלעכע יאָר אין צופרידנהייט און ניט איבערלעבן דעם שרעק פונעם טויט ? !

ר' מנשה גיט אַ קוועטש דעם שטערן און זאָגט :

— אַ געדאַנק איז עס טאַקע זייער אַ פיינער, נאָר זאָגט מיר נאָר, ר' לייבוש, אויב דער מענטש זאָל טאַקע ווערן אַלץ אינגער און אינגער און

## לחיים אידן

שטאַרבן ביי דער מאַמעס ברוסט, וועט דאָך די מאַמע אויך דאַרפן ווערן איינגער און שטאַרבן ביי איר מאַמעס ברוסט, וועט דאָך אויסקומען, אַז די גאַנצע וועלט וועט כסדר גיין צוריקוועגס ! איר פאַרשטייט ? !

רופט זיך אָפּ ר׳ לייבוש :

— ניין, ר׳ מנשה, פאַרשטיין פאַרשטיי איך ניט, נאָר איך זע שוין, אַז דער רבונו־של־עולם פאַרשטייט בעסער פון מיר ווי אַזוי צו פירן זיין וועלטל !

— אָדער נעמט, למשל, — פילאָזאָפירט ווייטער ר׳ לייביש, — ווי אַזוי דער רבונו־של־עולם האָט איינגעטיילט דעם פלאַץ אויף אונזער וועל־טעל אויך עפּעס ניט יושר׳דיק ! אויף דער ערד זיינען פאַראַן אַזויפיל פעלדער, וועלדער, טייכן, בערג, מענטשן, הייזער, באַנען, שיפן און הונ־דערט אַנדערע זאַכן, אַלץ האָט ער אָנגעפּאַקט אויף דער ערד ! נאָר דער הימל שטייט אַ ליידיקער ! גיט נאָר אַ קוק — פאַרדרייסט ער די אויגן צום הימל — גיט אַ קוק, אַזאַ ריזיקער שטח הימל און וואָס זעט מען דאָרט ? גאָרניט ! טאָמער פליט שוין דאָרט אַרום אַ לעבעדיק באַשעפע־ניש, איז עס אַ פויגעלע גרויס ווי אַ גענעץ ! וואָלט דען ניט געווען מער יושר׳דיק, אַז די לייבן, וועלף, בערן, העלפאַנטן און אַנדערע ריזיקע חיות, וואָס מיר דאַרפן ניט אויף דער ערד, זאָלן אַרומפליען אין די הימלען און די פויגעלעך זאָלן אַרומשפּאַצירן אויף דער ערד ?

נאָר בשעת ר׳ לייבוש האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל־רוים, איז אַ פויגעלע פאַרבייגעפלויגן און אַ שפּריץ געטאָן ר׳ לייבוש׳ן גלייך אין פנים אַריין אַזוי, אַז ער האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן. רופט זיך אָפּ ר׳ מנשה :

— נו, ר׳ לייבוש, איר זעט שוין, אַז מ׳טאָר ניט פרעגן קיין קשיות ! אַ שיין פנים וואָלטן מיר געהאַט, ווען ס׳זאָל, חלילה, געווען דורכפליען אַ העלפאַנט און אָפּטאָן אַזאַ מעשה ! . . .

— כ׳האָב מורא, ר׳ מנשה, — רופט זיך אָפּ ר׳ לייבוש, — כ׳האָב מורא, אַז איר האָט רעכט ! מסתמא ווייסט דער רבונו־של־עולם בעסער ווי צו פירן זיין וועלט ווי מיר ! . . .

— אָדער נעמט, — לאָזט ר׳ לייבוש ניט אָפּ, — נעמט דעם מענטש־לעכן מאָרך. דאַכט זיך דאָס קליגסטע שטיקל ארבעט וואָס דער רבונו־של־עולם האָט אַרויסגעלאָזן פון זיינע הענט. פונדעסטוועגן ליגט דער מענטשלעכער מאָרך אויך עפּעס מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף ! אַט אַרבעט איך ביי פּרעסערייי פון כמה יאָרן און איר ווייסט דאָך, אַז אַ מענטש איז ניט פון אייזן, אַלע טיילן פונעם מענטשלעכן קערפּער ווערן

אָפּגענוצט, די כוחות גייען אויס און דער באַלעבאָס קומט אַלע פאָר יאָר צו מיט אַ טענה: ר׳ לייבוש, איר ווייסט, אַז איר ווערט עלטער? און ער גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז בעקסטע וואָך וועט ער מיר אַראָפּנעמען פון די שכירות. בויג איך איין דעם קאָפּ און שווייג. גייען איינרייסן זיך מיט אים האָב איך מורא, אַז ער זאָל מיך איינגאַנצן ניט אַוועקשיקן. אָבער וואו איז יושר?!

— איר פאַרשטייט, — מאַכט ר׳ לייבוש קלאָר זיין שטאַנדפּונקט, — איך מיין, אַז ס׳וואָלט באַדאַרפט זיין פאַרקערט. וואָס עלטער אַ מענטש ווערט, אַלץ מער געלט וואָלט ער באַדאַרפט קריגן דערפאַר, ווייל די הוצאה וואַקסט ביי אים! אין די יונגע יאָרן וואָס דאַרף אַ מענטש? גאָרניט! אָבער אַז מ׳ווערט עלטער, דאַרף מען ברילן, מ׳דאַרף נייע ציינער, מ׳דאַרף זיך ווינטער אַנטאָן וואַרעם, מ׳דאַרף גיין צו דאָקטוירים, פאָרן אין די וואַרעם-בעדער, די פיס דינען ניט, דאַרף מען פאָרן צו דער אַרבעט, מ׳דאַרף מעדיצינען, אַלערליי וויטאַמינס, אַ ברוך-גאַרטל, דער אָטעם איז צו-קורץ און מ׳קען ניט וואוינען אויף די „טאָפּ-פלאָרס", מ׳דאַרף געבן אַביסל מער צדקה, מ׳דאַרף זיך אָנגרייטן אַביסל עולם-הבא אויך. בקיצור, די הוצאה וואַקסט, אָבער די שכירות שניידט מען! וואו איז יושר?!

— דאָס, זעט איר, — רופט זיך אָפּ ר׳ מנשה, — האָט איר טאַקע רעכט. אָבער מיט דער טענה דאַרף מען זיך שוין ווענדן צו דער יוניע, דער רבונו-של-עולם מישט זיך ניט אין די זאַכן!...

אָבער מיט איין זאַך האָבן ביידע אידן מסכים געווען, אַז מ׳דאַרף שוין גיין דאַווענען מנחה...

# מ'לאָזט ניט שטאַרבן

ס'האָט זיך געיאָוועט עפּעס אַ סאָוועטישער פּראָפעסאָר, — באָגאָמאָליעץ, הייסט ער, — און זיך אָנגעזעצט אויף אונזערע יאָרן, און וויל ניט אַנדערש, נאָר מיר זאָלן אים גיין אַריינלעבן כאָטש 150 יאָר!... ער דאַרף דאָס האָבן, כדי צו באַווייזן, אַז דער מענטש, ווען ער זאָל נאָר ניט זיין קיין חזיר און קיין פּאַסקודניאַק, וואָלט ער דאָס לייכט געקענט דורכפירן.

וואָלט איך אים אפשר געטאָן אַ טובה, און זיך אָנגעשטרענגט און אויסגעלעבט מיין „קוואָטע", כדי אַרויסצוהעלפן דער פינצטערער וויסנשאַפט. איז אָבער אַ פראַגע: ווער וועט מיך אויסהאַלטן? ווער וועט מיר צאָלן וועידזשעס פאַר גיין זיך מאַטערן אַזוי לאַנג?! איר ווייסט דאָך ווי ס'קומט־אָן מיט דער גרינער גאַל ביז מ'לעבט־אָפּעט די רעגעלע פינף־און־זיבעציק יאָר, ווען מען האָט נאָך כוח און אַלע אברים זיינען נאָך ניט אָרגאַניזירט און קעמפן ניט פאַר קלענערע שטונדן אַרבעט און בעסערע פּאָרציעס עסן!...

איז, ווי געזאָגט, איז אַפילו אָט־די 75 יאָר דאַרף מען אויך זיין אַ מזיק זיך אַרויסצודרייען פונעם מלאך־המות'עס הענט און זיי אָפּלעבן „סטרעיט" אָן אַ „סטאָפּ"... היינט ווער שמועסט גיין אַריינלעבן נאָך אַ „שיפּט", ווי איז דאָס פאַר מיינע כוחות?

וואָלט מען מיר כאָטש געצאָלט טאָפּעלטע ווערידזשעס פאַר לעבן 75 יאָר „אָווערטאַים", מילא, וואָלט איך נאָך אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם. נאָר גיין אים לעבן פאַר „סינגל־טאַים", כדי ער זאָל ווערן באַרימט — „נאָו סערי"!...

אַ חוץ דעם, אַז איינער לאָזט זיך אַריין אין דער מעשה פון לעבן לאַנג איז דאָס אַ פאַרשלעפּטע קרענק... ביז 75 יאָר האָט נאָך אַ מענטש ווי־ס'איז־ניט־ווי כוח זיך אַוועקצולייגן און שטאַרבן ווי אַן אָנשטענדיקער מענטש, אָבער ווען ער שטופּט אַריבער די 75, שלעפּט ער זיך שוין אַרום ווי אַ צעבראָכענער שאַרבן, און עס קומט אים אָן מיט קריעת ים־סוף ביז ער הויכט אויס די נשמה... דערפאַר דאַרף איך דאָך זיין משוגע אויף טויט, אַז איך זאָל גיין — צוליב עפּעס אַ נאַרישעוואַטן פּראָפעסאָר — פאַרנאַכלעסיקן מיין גוטע געלעגנהייט, אַ לייטישן שטאַרב צו טאָן און זיך אָנשטרענגען צו לעבן איבער מיינע כוחות, אין דער צייט ווען איך קען

מיר ליגן אויף אַ מאָדערנעם בית־עולם און זיך אויסרוען די ביינער אויף די עלטערע יאָרן! . . .

אַז דאָס לעבן לאַנג איז ניט אַזאַ טייערער מאכל דריַנג איך דערפון, וואָס דער פּראָפעסאָר דערלאַנגט אייך די גאַנצע מעשה אין אַ בוך און ווייזט אייך אויף מיט פאַקטן און ציפערן, אַז מ׳דאַרף נאָר וועלן קען מען עס אויספירן. ער ברענגט אייך אַ ראיה פון אַ סך מענטשן אין פאַרשיידענע לענדער, וועלכע האָבן אַריינגעלעבט אפשר ביז צוויי הונדערט יאָר און זיינען ניט געשטאָרבן ביז זיי האָבן ניט געזען דעם טויט פאַר די אויגן.

און ער דערציילט אייך נאָך, דער חכם, אַז די מערסטע מענטשן, וואָס זיינען אַריינגעקראָכן אין אַט־דער בלאָטע, און געלעבט אָן אַ חשבון, זיינען געווען האַלב־ווילדע, פון קאַווקאַזער בערג, און ער וויל ניט אַנדערש נאָר, אַז מיר, ציוויליזירטע ברואים, וואָס טראָגן נאַילאָן־שניפּסן, זאָלן זיך גיין לערנען ביי זיי דעם פּאַך פון לאַנג לעבן! . . . טאָקע נאָר אַ פּראָפעסאָר קען זיין אַזאַ תם.

זוען ער וואָלט, אָבער, ווי מיר, געפינצטערט אין אַ פאַבריק, געשלעפּט זיך אין סאָבוועי, אַרומגעזוכט אַ שטיקל וואוינונג — און ניט געפונען — געקראָגן צוויי וואָכן וואַקאַציע אַ יאָר און ניט געהאַט וואו זיי צו פאַרברענגען, ווייל די זשמעניעס געלט, וואָס ער האָט געבראַכט, זיינען אַלץ ווייניק, און מ׳וויל אים אין ערגעץ ניט אַריינלאָזן; בקיצור, ווען ער וואָלט געדאַרפט דורכמאַכן אַט־די אַלע צרות, וואָס מיר, וואָלט אים, דעם כניאָק, ניט געלעגן אין קאָפּ צו זיצן און שרייבן ביכער, און געבן עצות ווי אַזוי צו לעבן אפשר הונדערט יאָר „אָווערטאַימס" אויף „אָלד אידזש פּענשאָן", אָדער זיצן און לאַנגווייליקן זיך אין אַ האָום ערגעץ און וואַרטן ביז „פאָדהער׳ס דעי", כדי די קינדער זאָלן אים ברענגען אַ צעבראָכענע ליולקע אָדער אַ רואיבירטן שניפּס . . .

אַט־דאָס איז דאָך דער אומגליק מיט די וויסטע וויסנשאַפטלער, טאָמער האָבן זיי עפּעס אַ לייטישע דערפינדונג, ווי, למשל, די אַטאָמישע באָמבע, וואָס דאָס וואָלט אונז אויסגעלייזט פון אַלע צרות מיט איין קניאַק, האַלטן זיי דאָס בסוד־סודות, און יעדע מדינה וויל דאָס נאָר האַלטן פאַר זיך, אָבער ווען עס קומט צו אַזאַ שטיק שוואַך, ווי דאָס אַרומשלעפּן זיך אַ הונדערט און פופציק יאָר שלינג־שלאַנג, איבערלעבן אפשר פינף וועלט־מלחמות, איבערלייענען טויזנטער אַרטיקלען וועגן אייביקן שלום און קוקן אַלע טאָג דעם טויט אין די אויגן — אַט־דאָס־אַ חזיריי, דערלאַנגען זיי אייך אין אַ בוך, געבונדן אין טאָוולען, פראַנק־און־פריי, ווי איינער

## לחיים אידן

זאָגט: נאַ, ווער דערוואָרגן דערמיט!

איך ווייס ניט ווי אייך, נאָר מיך וועט אַזאַ יאָלדעוואַטער דאָקטאָר ניט פירן אין באָד אַריין, מעג ער מיר אָנשרייבן אַפילו הונדערט ביכער און צוזאָגן אַפילו אַ פיר צימער־דיקן אַפּאַרטמענט! אַט וועל איך מיר גיין צעקראַצן דעם ספּאָדעק, און זיך אָוועקזעצן און אים גיין אַריינלעבן 150 יאָר! ניין, אויף מיר וועט ער קיין עקספּערימענטן ניט מאַכן!... בפרט אַז די פּאַשיסטן, נאַצים, קו־קלוקס־קלעניקעס, און — ווייבער, וועלן דאָך מסתמא אויך לעבן אַזוי לאַנג! ניין, ער וועט דאָס ביי מיר ניט פּועל'ן!

אַפילו ניט פאַר „דאָבל־טאַים"!... פאַרקערט, ווען איך וואָלט אים ערגעץ דערטאַפּט, וואָלט איך אים געוואָרפן דעם בוך מיט די צאַצקעדיקע פאַקטן אין פּנים אַריין. זאָל ער אליין גיין און זיך אַרומשלעפּן אויף אַזאַ פאַרשיווער וועלט 150 יאָר!...

האָט ער, אָבער, מער מזל ווי שכל, אָט־דער באָגאָמאָליעץ (מ'דאַרף לעבן אפשר 200 יאָר, כדי זיך אויסצולערנען נאָכזאָגן אַזאַ נאָמען!). אַל־זאַ, נעמט אָט־דער־אַ־נאַרישעוואַטער דאָקטאָר און הויבט זיך אויף, און לייגט זיך אַוועקעט און שטאַרבט! און שטאַרבט דווקא צו 65 יאָר, און גיי רייד צו דער וואַנט!

אָט־דאָס זיינען זיי די פּראָפעסאָרן! פאַרקאָכן אַ קאַשע און אַליין טראָגן זיי זיך אָפּעט!... זאָל זיך יענער ווערגן דערמיט!...

יושר?

# הײנטיקע לאָונדרים

געוואָרן אַ נײַע מאָדע אין אַמעריקע: „לאָונדערעטס" — מ׳וואַשט זיך אַלײן די וועש. נאָך װינציק װאָס מיר האָבן קאַפעטעריעס, גראָסע־טעריעס, אַטאָמאַטן, סאָדאַמאַטן, „סעלף־סױרװיס" קלײדער סטאָרס, װאָס אױף אידיש קען עס הײסן: פאַרדרײ דיר דײַן קאָפּ, נעם דיר אַלײן װאָס דו װילסט, באַצאָל און לאָמיר דײַן פּרצוף ניט אָנקוקן, — איז נאָך איצט צו די אַלע זאַכן צוגעקומען אַ נײַער אומגליק: „לאָונדערעטס"! װאַש דיר אַלײן די װעש!

איך בין אַרײַן מיט מײַן ביסל, מחילה, אונטערװעש אין אַזאַ סטאָר־קע און דערזען צװײ לאַנגע רײען װײַסע, קײלעכדיקע מאַשינען, װי פּרי־דזשידעירס. יעדע מאַשין האָט אַ גלעזערן מױל, און שטײט און בעט, מיט טרערן אין די אױגן, מ׳זאָל אַרײַנװאַרפן אַביסל שמוציקע װעש, װײַל זי האָט נאָך הײַנט אין מױל ניט געהאַט און ס׳חלש׳ט איר ס׳האַרץ, און דער־פאַר זאָגט זי איך צו, פאַר בלױז אײן קװאָדער, מיט אַביסל זײף, צעקײַען אײַער שמוציקע װעש אַזױ לאַנג, ביז זי װעט װערן פון שװאַרץ װײַס און פון נאַס טרוקן, אַ מחיה . . .

איך האָב אַרײַנגעלײגט מײַן ביסל װעש, געגעבן דער מאַשין צו טרינקען אַ פלעשעלע זײף, װי אַ מעדיצין, און באַצאָלט איר אַ קװאָדער פאַר איר טירחה. די מאַשין האָט זיך פּשוט מחיה געװען. גענומען פרעסן די װעש און זיך דרײען װי אַ „לופּ־דהי־לופּ" אין קוני־אײלענד, און מיך פאַרטראָגן אין װײַט־װײַטע חלומות . . .

װען איך בין נאָך אַ קלײן אינגל געװען, האָט מיך אונזער שיקסע, סטאַשע, מיטגענומען צום טײַכל יעדעס מאָל װען זי איז געגאַנגען װאַשן און פראַלן די װעש. דאָס טײַכל איז געלעגן אײַנגעראַמט אין אַ רײ פון הױכע טאָפּאָליעס און גרינע לאָנקעס און זיך געשלענגלט װי אַ שנירל זילבערנע קאַרעלן, און איך פלעג זיך װאונדערן פון װאַנען נעמט עס אַלע־מאָל פרישע װאַסער צו װאַשן די װעש? װײַל דאָס גאַנצע טײַכל איז געװען אַזאַ פּיצלס, אַז יעדעס מאָל װען סטאַשע האָט אַרײַנגעלײגט די װעש האָט זיך מיר אױסגעװיזן, אַז די װעש האָט אױסגעטרונקען דאָס טײַכל און איך פלעג דעריבער אַרומשפּאַצירן אינעם טײַכל אַ באָרװעסער און אַפילו זיך די תחתונים ניט פאַרנעצן . . .

און בשעת סטאַשע און די איבעריקע שיקסעס זײַנען געשטאַנען, מיט

פאַרקאַשערטע ספּאָדניצעס, געזייפט און געקלאַפּט מיטן פּראַלניק די וועש, געזונגען פּוילישע לידער, באַגלייט פון פויגל־געזאַנג, און זיך געוואַרעמט אונטער די זונענשטראַלן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די וועש זינגט־מיט ווי די אידן ביים הלל צום ראש חודש בענטשן.

ווען איך בין גרעסער געוואָרן פלעג איך שוין גיין צום טייכל מיט לייטשע'ן, אונזער שכנ'ס מיידל. דאָרט פלעגט זי וואַשן און פּראַלן די וועש און זינגען זיסע אידישע לידער פון טעאַטער און איך פלעג די וועש אויסשמירן מיט זאַמד און בלאָטע, כדי זי זאָל דאַרפן עס איבערוואַשן און דערביי זיך קריגן מיט מיר. מיך דראַפּען מיט די נעגל, מיר וואַרפן שטיינדלעך, אַרונטערלאָזן די נאָז און שרייען, אַז זי האָט מיך פיינט. און אַז לייטשע האָט זיך אָנגע'ברוגז'ט, מיך פיינט געהאַט, האָב איך זי ערשט אמת'דיק ליב געהאַט, ווייל זי האָט געהאַט אַ טעם ווי גרינע, טערפּקע אַגרעסן, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט . . . נאָר באַלד האָבן מיר זיך איבערגעבעטן און איך פלעג פאַר איר אויסדרייען די וועש, געוויזן איר ווי שטאַרק איך בין, אַז ס'איז ניט געבליבן קיין טראָפּן וואַסער אין די וועש . . .

ווינטער איז מען שוין ניט געגאַנגען מיט די וועש צום טייכל, נאָר געקאָכט זי אין קיך, אין אַ גרויסער באַליע. אין הויז איז געהאַנגען אַ שווערע פאַרע ווי אין אַ שוויצבאָד און די באָבע האָט געמישט די וועש מיט אַ גרויסן שטעקן און אויפן אויוון האָבן זיך געבאַקן פּלאַם־פלעצלעך, וואָס ביים עסן זיי האָט מען געפילט אַ טעם ווי מ'וואָלט געגעסן פלעצלעך מיט וועש . . . און אַז מ'האָט די וועש אַרונטערגענומען פונעם בוידעם, וואו זי איז געהאַנגען עטלעכע טעג, איז זי געווען האַרט און פאַרפראָרן, און פרייטיק צונאַכטס האָט מען באַדאַרפט לייגן די גאַטיעס אונטערן קישן, כדי זיי זאָלן שבת וואַרעם אָנצוטאָן.

אַז איך בין געקומען אין אַמעריקע האָט מיין מומע חיה שרה שוין געוואַשן וועש אין אַ קעסל אויפן גאַז־אויוון. שוין ניט באַדאַרפט וואַרטן ביז דער זיידע וועט אַריינלייגן אַ פּיליאַנע האָלץ אין אויוון אַריין. זי האָט שוין געצאַפּט וואַסער פון דער וואַנט און ניט באַדאַרפט וואַרטן ביז דער שטומער דוד וועט אָנהויבן טראָגן קאַנען וואַסער פון דער סטידניע. זי פלעגט יענעם טאָג אַרויסטרייבן אַלע קינדער מיט די באָרדערס פון הויז, אויפמאַכן די פענצטער, און שוין ניט טראָגן די וועש אויפן בוידעם, נאָר זי אַרויסהענגען אויף דער לאַין, אויפן „פייער־עסקעיפּ", זיי פאַרטשעפּען מיט „קלאָזפּינס" און די וועש האָט געפלאַטערט ווי אַ פאַרביקע פאַנאָראַ־מע, און ווען זי האָט זיי אויסגעפּרעסט, האָט דער פּרעזידענט אַליין גע־

## הירש רייף

מעגט זיי אַנטאָן.

דערנאָך, מיט יאָרן שפּעטער, איז אונזער לאַנדסמאַן יאָסל געוואָרן אַ לאַנדדרימאַן, צוגענומען אַלע וואָך די וועש ביי דער מומען און זי צוריקגע־בראַכט צעריסענע, צעפּליקטע, שטיקלעכווייז, אָבער ריין, ווייס ווי שניי, און האַרט אויסגעפּרעסט, און די מומע פּלעגט קרעכצן, אַז די וועש שמעקט מיט האָספּיטאַל און זי מיאוס'ט זיך זי אָנצוטאָן. אָבער וואָס זאָל מען טאָן? אַמעריקע! די קינדער לאָזן ניט וואַשן, און ס'איז טאַקע ניטאָ די אַמאָליקע כוחות אויך!

און אָט אַזוי איז די גאַנצע פּאָעזיע פון וועש־וואַשן ערגעץ אויסגע־וועפּט געוואָרן, און שוין זייט יאָרן ווי איך האָב ניט געפילט דעם טעם פון געוואַשענעם וועש! . . . בין איך דאָס איצט געגאַנגען אָפּפרישן מיינע וועש־זכרונות.

אָבער איצט זיץ איך אַן אַנטוישטער אין דער וואַשעטעריע. איך זיץ און קוק אַריין אין אַ גלעזערנעם לאָך פון אַ ווייסן קאַסטן און זע ווי עפּעס אַ טיזיול וואַרפט און מאַרדעוועט מיט מיין וועש, און מיר דוכט זיך, אַז דאָס דרייען זיך אַזוי מיינע אַנטלאָפענע יאָרן.

איך זיץ און קוק אויף דער וועש. אָבער וואו איז דאָס טייכל? ניטאָ! ניטאָ אונזער שיקסע סטאַשע מיטן פאַרריסן נעזל, מיט די רויטע באַקן, מיט דער פאַרקאַשערטער ספּאָדניצע און געזונטע פיס! וואו איז דער הימל? וואו זיינען די טאַפּאָליעס מיט די גרינע לאָנקעס? וואו איז די זון? און וואו איז לייטשע מיט די שוואַרצע צעפּ, מיט דער ברוגז'ער, אַרונטערגעלאָזענער באָז, וואָס האָט געהאַט אַ טעם ווי טערפּקע אַגרעסן? דאַכט זיך, דער זעלביקער איד, די זעלביקע וועש, אָבער וואָס פאַר אַ וויי־טער מהלך פון יענעם לויטערן טייכל ביז צו אָט־דער מאַשינאָוועער „וואַ־שעטעריע״! . . .

# וואָס איך האָב אויפגעטאָן פאַר דער אויטאָמאָביל-אינדוסטריע

אַ שמחה אין שטאָט. דער אויטאָמאָביל איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר! אייגנטלעך וואָלט איך באַדאַרפט זיין דער גרעסטער מחותן אויף דער שמחה, ווייל, ווער נאָך האָט אַזויפיל אויפגעטאָן צו מאַכן פּאָפּולער דעם אויטאָמאָביל ווי איך? פונדעסטוועגן, אַז עס קומט צו עפּעס, קומען די דאַדזשעס, די קראַיזלערס, די פאָרדס און נעמען צו אי דעם כבוד, אי דאָס ביסל געלט!

איר וועט אַוודאי פרעגן, וואָס האָב איך אַזוינס אויפגעטאָן צו מאַכן דעם אויטאָמאָביל פּאָפּולער? אַז איך וועל אייך דערציילן די פאַקטאָוונע פאַקטן, וועט איר פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר קומט דער גאַנצער קרעדיט...

דאָס איז געווען מיט אַ פינף, זעקס, אָדער אַכט־און־צוואַנציק יאָר צוריק. איך בין דאַן געווען אַ זייער פּאָפּולערער איד אין ניו־יאָרק. מיין פּאָפּולאַריטעט איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב בוכשטעבלעך ניט געקענט אַ גאַס דורכגיין, אַז אימיצער זאָל מיך ניט אָפּשטעלן און פרעגן: נו, וואָס הערט זיך? ווען גיסטו מיר שוין אָפּ די פאָר טולער? שוין צייט! וויפיל איז דער שיעור? ס'האָט געהאַלטן אַזוי ווייט, אַז די ניו־יאָרקער גאַסן דורך וועלכע איך האָב יאָ געקענט דורכגיין זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער און קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען. האָב איך געמוזט איינפּאַקן מיינע צוויי העמדער און נאָך עפּעס און זיך אַוועקלאָזן אין דער ווייטער וועסט!

אַז איך האָב אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, צווישן מיין משפחה און מיינע לאַנדסלייט, אַז איך פאָר אין דער וועסט, איז געקומען צולויפן מיין פעטער לייבוש און מיך גענומען זידלען און געשריגן: — וואָס הייסט דו פאָרסט אין דער וועסט?! אַזאַ העלד ביזטו דאָס, אַז דו זאָלסט זיך אַרויסלאָזן אין דער הוילער וועסט? אפשר איז דאָרטן קאַלט און דו וועסט זיך צוקילן און דיין מאַמע קען נאָך, חלילה, בלייבן אָן אַ קדיש! פאָלג מיך, טו אָן אַ רעקל, אַ מאַנטל, אַ סוועדער. ווער פאָרט דאָס אין אַ פרעמדער מדינה אין דער וועסט?!...

נאָר אַז מיין לאַנדסמאַן נח האָט געלאַכט און אים אויפגעקלערט דעם טעות, אַז די וועסט מיינט ניט אַ וועסטל, נאָר עס מיינט אַ וויטע שטאָט

אין אַמעריקע, וועלכע ליגט ערגעץ אין דער סאָוט . . . האָט דער פעטער לייבוש געזאָגט: — מילא, דו ווילסט זיין אַ באָם, זיי! מיין קאָפּ אַרויפזעצן אויף דיר וועל איך ניט! און דאָס האָט געהייסן, אַז ער גיט מיר זיין ברכה און איך בין געפאָרן.

קומענדיק אין דער ווייטער וועסט, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע וועלט. איך האָב דערזען נייע הימלען, האָב אָנגעהויבן קלעטערן אויף די ריזיקע בערג, קריכן אין די טיפע טאָלן און הײלן, בין זיך צוזאַמענגעקומען מיט אַ חברה ליידיקגייער, וואַנדראָוושיקעס, פּאָטלעך, און צוזאַמען זיינען מיר געזעסן אין די קאַליפאָרניער פּאַרקס, אויף די ביטשעס, זיך געפּרעגלט אויף דער זון און גע'חלומ'ט וועגן דער ברייטער און גרויסער אַמעריקע. געוואָלט זען וואָס קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט. נאָר ווי אַזוי דאָס דורכצופירן איז געווען אַ שווערער ענין! גיין שפּרינגען אויף די באַנען ווי די טרעמפּס, האָב איך זיך עפּעס געשעמט, און ס'האָט מיר טאַקע ניט געפּאַסט אַרונטערגעוואָרפן צו ווערן ערגעץ אין אַ מדבר און דאָרט ליגן ביז די פייגל וועלן זיך מרחם זיין און מיך אויפעסן. און ווידער פאָרן ווי אַ רעגעלער מענטש, מיט אַ באַן־בילעט, שלאָפן אין האָטעלן, וואָלט געהייסן פאַרראַטן דעם אַרבעטער־קלאַס און זיך חבר'ן מיט קאַפּיטאַליסטן, דאָס האָב איך ניט געוואָלט . . . אַ חוץ דעם, האָט מיר טאַקע אויסגעפעלט ס'ביסל געלט אויך! . . .

איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: איך האָב צוזאַמענגענומען נאָך עטלעכע אַזעלכע אידן ווי איך און, צוזאַמען, האָבן מיר געגרינדעט אַ מין „טרעוולינג סאָסייעטי, אינקאָרפּאָרעיטעד״ און באַשלאָסן אויסצוגעפינען צי דאָס וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט וועגן אַמעריקע איז אמת אָדער אויסגעטראַכט! . . .

מיר האָבן באַלד איינגעהאַנדלט אַן אַלט, רואינירט פאָרדל, אַריין אין אַ „פּאַיוו־ענד־טען״ און צוגעקויפט עטלעכע נייע טיילן, אַוועקגעשלעפּט דאָס פאָרדל אויף אַ ליידיקן לאַט, אים איבערגעקערט מיטן בויך אַרויף, געמאַכט אים אַ קליסטיר, אים אויסגערייניקט די קישקעס, אים אויסגעשניטן דעם אַפּענדיקס, אויסגעריבן אים די פּלייצעס מיט אַלקאָהאָל, אים אויסגעשניטן די טאַנסילס, ער זאָל ניט פּאָנפען, אים אַריינגעגאָסן אַ „גאָגל־מאָגל״ אין האַלז ער זאָל קענען טרומייטערן, אָפּגעקראַצט די בלאָטע פון אים ער זאָל ווערן לייכטער אויף דער וואָג, אים אָנגעטרונקען מיט געזאָלין, אויל און וואַסער, ער זאָל האָבן כוח זיך צו שאָקלען, דערנאָך אים אַריינגעשטעקט אַ הענטל אין סאַמע מיטן בויך אַריין און גענומען דרייען ווי אַ קאַווע־מילעכל, און אַז מיר האָבן אַזוי אָפּגעדרייט אַ שעה

צייט און דאָס פֿאָרדל האָט זיך געגומען אַוועקקאַטשען פֿונעם אָרט, זייַנען מיר אים נאָכגעלאָפֿן, אים אונטערגעשטופּט — און אָט אַזוי זייַנען מיר מיט אים דורכגעלאָפֿן דורך דער לענג און ברייט איבער גאַנץ אַמעריקע...

איך בין געווען דער אָנטרייבער און דער בעל־מלאכה. און דורך דעם יאָר צייט וואָס מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפּט, בין איך מער געלעגן אונטערן פֿאָרדל ווי געזעסן אין אים! . . . דאָס פֿאָרדל איז געווען אונזער שלאָפֿצימער, עסצימער, קיך און באָד־צימער, און דערפֿאַר האָבן מיר טאַקע אויסגעזען ווי באַנקירן . . . און אַז מיר זייַנען אַרייַנגעפֿאָרן אין אַ שטעטל, האָבן די געשעפֿטסלייט, דערזעענדיק אונזער הולך, זיך אינסטינקטיוו געכאַפּט צו באַשיצן די קעש־רעדזשיסטערס, און אַז מיר זייַנען אַוועק, האָבן זיי פֿרייער אָפּגעאָטעמט! . . .

און אָט אַזוי האָבן מיר געמאַכט אַ טומל איבער גאַנץ אַמעריקע. מיר האָבן אַלעמען איבערצייגט, אַז אַבי מ׳וויל נאָר, מ׳האָט נאָר אַביסל מוט און מ׳האָט ניט קיין מורא פֿאָרן בידנעם שטיקל לעבן, קען יעדער זיך אייַנהאַנדלען אַזאַ שטיקל אויטאָמאָבילטשיק, און קען אים נוצן סיי פֿאַר ביזנעס און סיי איבערצושרעקן זייַנע שונאים! . . .

און אַז חברה האָבן דערזען, אַז אַזעלכע שלעפּערס ווי מיר קענען זיך פֿאַרגינען אַרומצושלעפּן און מאַכן אַזאַ יאַזדע אין אַ צעקנייטשט פֿאָרדל, האָבן זיי געטראַכט: „וואַטי העל?“ און מ׳האָט גענומען כאַפּן די פֿאָרדלעך! מיט איין האַנט האָט מען געקויפֿט אַ „האָט־דאָג“ און מיט דער צווייטער אַ פֿאָרדל. און אַז די פֿאָרד אינקיובעיטאָרס האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי גענומען קינדלען מיט מיליאָנען פֿאָרדלעך, וועלכע מ׳האָט געכאַפּט ווי מצה־וואַסער! . . .

און איצט, ווען ס׳איז אַ יום־טוב אין שטאָט, ווער, מייַנט איר, קריגט דעם כבוד, דאָס געלט, די פּובליסיטי? די קראַייזלערס, די פֿאָרדס, די דאַדזשעס און נאָך אַזעלכע גאַרנישטן. און איך — איך האָב אַפֿילו ניט קיין שטיקל פֿאָרדל איבערצופֿאָרן מייַנע שונאים! . . . אָט אַזוי דאַנקט מיר די וועלט אָפּעט פֿאַר מייַן טרחה! . . .

# ער קעמפט פאַר פרייהייט

איך בין אַריין אין אַ קאַפעטעריע, זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל, כדי איבערצולייענען אַ צייטונג. כאָטש די קאַפעטעריע איז געווען פוסט און עס זיינען געווען גענוג ליידיקע טישלעך, פונדעסטוועגן האָט ער מיר אָנגעטאָן דעם גרויסן כבוד און מיך מזכה געווען מיט זיין פערזענלעכקייט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר. לויט די פאַרבאַרייטונגען וואָס ער האָט געמאַכט האָב איך געזען, אַז ער קלייבט זיך דאָ צו באַזעצן פאַר אַ היפּשער צייט, און לויט ווי ער האָט מיך באַטראַכט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף יאַגד און ער האָט באַשלאָסן, אַז איך בין דאָס דער קרבן אויף וועלכן ער לויערט . . .

האָב איך אַריינגעלאָזט די אויגן אין מיין צייטונג און געמאַכט זיך ניט־זעענדיק. ער פון זיין זייט האָט אָנגעשטאָפּט די ליולקע, פאַרשפּרייט גאַנצע וואָלקנס רויך, וועלכע האָבן געשמעקט ווי געטריקנטע ספּינאַטש, און גלייך צוגעגאַנגען צום פסוק:

— ווי דענקט איר, — האָט ער געצויגן די ווערטער, ווי ער וואָלט מיך אינטערוויואירט, — ווי דענקט איר, ס'עט זיין אַ מלחמה?

איך האָב געשוויגן און געמיינט אַז ער וועט אויך אַנטשוויגן ווערן. אָבער — ניט ער. ער האָט זיך ווייטער גערעדט.

— כ'האָב אָבער, — זאָגט ער, — מורא, אַז יאָ. און אויב ס'עט זיין אַ מלחמה, וועט עס שוין זיין איינמאָל אַ מלחמה'לע! פון דער מלחמה וועט זיך שוין קיינער ניט אַרויסדרייען. מ'וועט אונז אַלעמען אויסשטיקן ווי די מייז. די לעצטע מלחמה איז געווען אַ שפּילכל קעגן דער נעקסטער מלחמה. אין דער נעקסטער מלחמה וועט מען —

איך האָב אַריינגעגראָבן נאָך טיפער די אויגן אין מיין צייטונג און געטראַכט, אַז ער וועט זען אַז איך ענטפער ניט, וועט ער פאַרמאַטערט ווערן און אויפהערן ריידן. אָבער ער איז פון יענע אידן וואָס גיבן זיך ניט אונטער און ער האָט גערעדט און גערעדט; פאַנאַנדערגעוויקלט דעם גאַנצן שוידער פון דער נעקסטער מלחמה, געמאָלן בילדער איינס שרעקלעכער פונעם צווייטן, אַזוי אַז ס'האָט מיך באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס און איך האָב געפילט אַז איך פאַל אין חלשות . . .

פאַלט מיר איין אַ געדאַנק און איך ווייז אים אָן מיט אַ פינגער אויף מיין אויער און זאָג אים, אַז איך הער ניט וואָס ער רעדט.

גיט ער אויף מיר אַן אומהיימלעכן קוק און אַ בייזער נעמט ער בור־טשען:

— אַ בייער אומגליק! — בורטשעט ער — ער הערט ניט! אַן אַנ־דערער, דו הערסט ניט, האָסטו דאָך גלייך געקענט זאָגן, ניט לאָזן יענעם זיך רייסן דעם גאַרגל אַ האַלבע שעה צייט! צוויי־טנס, אויב דו הערסט ניט, פאַרוואָס טראָגסטו ניט אַ מאַשינקע מיט אַ שוואַרצן קנאָפּ אין אויער, אַז מענטשן זאָלן זען אַז דו הערסט ניט, ניט מ'זאָל ווערן צעזעצט רעדנדיק און דערנאָך זאָל זיך אויסלאָזן, אַז מ'האָט גערעדט צו דער וואַנט! מענטשן זאָלן דאָס ניט ווען אַרייננגיין אין יענעמס פּאַלאַזשעניע אויך! אפשר האָט יענער אַ שוואַך האַרץ, אפשר איז יענער ניט אויפגעלייגט צו רעדן גלאַט אַזוי אין דער לופט אַריין? אַזאַ מענטש האָט געמעגט פאַרשטיין און זיצן אינדערהיים, ניט אַרומשלייען זיך אין קאַפעטעריעס, ווייל אַז דו הערסט ניט וואָס מ'רעדט צו דיר, טאָ צו וואָס טויג דיר דאָס גאַנצע זיצן דאָ?!

ער איז געזעסן די גאַנצע צייט און גערעדט און גערעדט און גערעדט. וואָס אַמאָל איז ער געוואָרן אַלץ בייזער און בייזער. איך בין געזעסן מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין צייטונג און מורא געהאַט, אַז אַט קריג איך אַ נער־ווען צוזאַמענברוך. אָבער איך האָב זיך געשטאַרקט מיט אַלע כוחות און געהאָפט, אַז ער וועט פאַרמאַטערט ווערן און מיך איבערלאָזן. אָבער ער איז געוואָרן שטאַרקער פון מיר און געהאַלטן אין איין רעדן. נאָר פון צייט־צו־צייט האָט ער אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, געגעבן אַ צי די ליולקע און זיך אַליין איבערגעשלאָגן די רייד און געזאָגט:

— אָבער, — לאָזט ער אַרויס אַ וואָלקן רויך, — אָבער, וואָס קומט אַרויס פון מיין רעדן, פון מיין עסן זיך ס'האַרץ, אַז איך רייד צו דער וואַנט! פאַרשיידענע שלעק פאַראַן אויף גאָט'ס וועלט. נאָך אַלעמען, הערן הערסטו טאַקע ניט, אָבער זען זעסטו דאָך, אַז אַ מענטש זיצט און רייסט זיך אָפּעט ס'האַרץ, כ'אָלסטו אַ פרעג־טאָן: הונט, שוואַרץ־יאָר, וואָס רעדסטו דאַרטן? אַריינגעגראָבן דעם קאָפּ אין צייטונג און האָט יע־נעם אין דר'ערד. זאָל יענער צעפּלאַצט ווערן! אַ מענטש זאָל ניט האָבן אַ ברעקל יושר אין זיך! פאַראַן גראָבע נפשות אויף גאָט'ס וועלט...

מיטאַמאָל האָב איך פאַרלוירן דאָס געדולד. האָב אויפגעהויבן די אויגן, זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך געווענדט צו אים:

— הערט זיך איין, מיסטער, — זאָג איך אַ בייזער, — הערט זיך איין! אפשר וואָלט איר שוין אַמאָל אויפגעהערט צו רייד! וויפיל איז דער שיעור? יענעמס נערוון זיינען דאָך אויך ניט קיין שטריקלעך!

אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ־אָן ביים

קאַפּ און גענומען שרייען:

— אוי, — האָט ער געשריִען, — אַ בראָך איז צו מיר! ער האָט די גאַנצע צייט געהערט וואָס איך האָב גערעדט! מיסטער, מיט אַזאַ חכמה קענט איר דאָך יענעם ברענגען אויפן פייער. סט׳געהערט? מ׳איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. מ׳רעדט אַזוי לאַנג, ביז מ׳כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ ניט־פּאַסיק וואָרט. כ׳לעבן, איר וואָלט זיך געמעגט שעמען!

— איר האָט דאָך, — שרייט איך צוריק — געזען, אַז איך וויל ניט הערן וואָס איר רעדט, טאָ פאַרוואָס האָט איר זיך ניט געזעצט ביי אַן אַנ־דער טישל? גיט אַ קוק, וויפיל ליידיקע טישלעך עס זיינען דאָ אין דער קאַפעטעריע. וואָס איז אייך עפּעס געפעלן נאָר מיין טישל?

— מיסטער! — האָט ער גענומען קלאַפּן אין טיש, — מיסטער, איר׳ט זען, ס׳עט זיך נאָך היינט דאָ גיסן בלוט! הערסט אַן איינפאַל; ער׳ט מיר זאָגן וואו איך זאָל זיך זעצן און צו וועמען איך זאָל רעדן! ס׳געהערט, ס׳איז זיין קאַפעטעריע! ס׳איז זיינע טישלעך! דאָ איז אַ פרייע מדינה!

# מיר איז גוט! איך קריג ניט קיין גאַרניטור!

אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז איך האָב פיינט נייע סוטל'עך, וועט איר דאָך לאַכן, נאָר גלויבט מיר, אַז עס איז אַזוי! יעדעס מאָל ווען איך דאַרף אָנטאָן אַ נייעם גאַרניטור, פיל איך דעם טעם פונעם טויט. איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס איך בין ניט געוואָרן קיין דאָקטאָר, לאָיער אָדער עפּעס אַ וואַזשנער פּראָפעסאָר, איז געווען די מורא, אַז צוליב דער פּראָפעסיע וועל איך מוזן קויפן אַלעמאָל אַ ניי סוטל. און צו אַ נייעם סוטל דאַרף מען דאָך שוין אַ נייעם שניפּס, אַ ריין העמד, אָפּגעפּוצטע שיך און אפשר נאָך אַ נייעם קאָפּעליוש. און די אַלע זאַכן האָב איך פיינט. איך האָב עס פיינט! איך בין ניט קיין פּראַנט!

אַ סך מענטשן, אַז זיי טוען־אָן אַ נייעם בגד, צעשמעלצן זיי זיך פאַר נחת, ווען מען באַטראַכט עס, מ'באַטאַפּט עס, מ'ווינטשעוועט אָן און מ'שאַצט־אָפּ וויפיל ס'קאָסט. אָט־די אַלע זאַכן האָב איך פיינט און ס'קאָסט מיך אַ שטיק געזונט ווען כ'דאַרף עס דורכמאַכן! . . .

איך האָב עס פיינט! אַז איך טו־אָן אַ ניי סוטל, פאַרגעסט מען אינ־גאַנצן אָן מיר. מיין ניי סוטל פאַרטונקלט מיך. מ'פרעגט מיך ניט צי בין איך געזונט, צי אַרבעט איך, צי פאַרברענג איך גוט. צו וואָס? מ'זעט דאָך שוין! אַ מענטש וואָס האָט צרות וועט דאָך ניט גיין אינמיטנדערי־נען און זיך קויפן אַ ניי סוטל . . .

יעדעס מאָל ווען איך קויף אַ ניי סוטל הער איך אויף צו זיין באַלע־באָס איבער זיך. מיין ווייב נעמט מיך אונטער איר רשות און הערשט איבער מיר מיט אַן אייזערנער האַנט. איז דער וועטער שיין, זאָגט זי באַלד: „טו אָן דעם נייעם סוט". איז כמאַרנע, זאָגט זי כ'זאָל ניט וואַגן אָנצוטאָן דעם נייעם סוט. דאָ, — שרייט זי, — זעץ זיך ניט! לייג זיך ניט אויף דער סאָפע, צעקנייטש ניט דעם סוט! וואַרף ניט אַוועק דעם סוט אויפן בעט, הענג אים אויף! פוץ־אָפּ דעם סוט! מיין ווייב לאָזט מיך ניט אָפּעטעמען צוליב דעם סוט. און איך אַליין פיל זיך געפּענטעט, שטייף, ניט־באַקוועם, און בין צופרידן ווען ער ווערט אַביסל פאַרעלטערט און איך פיל זיך היימיש אין אים.

פאַרקערט, וואָס עלטער אַ סוטל איז אַלץ מער ווערט ער מיר צום האַרצן. איך ווער באַקאַנט מיט יעדן לאָך אין דער פּאָטשעוועקע. ווען איך שטופּ־אַריין די האַנט אין אַרבל ווייס איך שוין ווי אַזוי אויסצומיידן און ניט צו פאַרטשעפּען די לעכער וואָס ליגן אויסגעשפּרייט אין דער פּאָ־טשעוועקע דעם גאַנצן וועג, ביז די האַנט דערזעט די ליכטיקע וועלט . . . איך ווייס שוין וועלכער קנעפּל ס'האַלט זיך פעסט און מ'קען זיך דערויף פאַרלאָזן, און וועלכער קנעפּל ס'הענגט אין דער לופט און מ'טאָר זיך ניט

צורירן דערצו. און טאָמער ווערט געבוירן אַ נייער לאַך ערגעץ אויף אַ פּראָמינענטן פּלאַץ, וויס איך שוין ווי אַזוי אים צו באַהאַנדלען און פאַר־דעקן. און זינט איך האָב אַמאָל, אין אַ נויט, אַנטדעקט אַ צעקנייטשטן דאָלער־ביל אין אַ וועסטל־קעשענע, בין איך באַקאַנט מיט אַלע געהיימע ווינקעלעך פון די פאַרשיידענע קעשענעס און בין זיך דעריבער נוהג, אַז איך טו קיינמאָל ניט אויס קיין סוטל סיידן ער פּאַלט שטיקלעכווייז אַליין אַרונטער פון מיר און איך בלייב כמעט אַ נאַקעטער. דאַן געשעט דאָס אומפאַרמיידלעכע — איך קויף אַ נייעם סוט! . . .

קוקנדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, האָב איך שטענדיק צוגעפּאַסט מיינע אומשטענדן צו מיין שנאה צו נייע סוטלעך און האָב אַלעמאָל אויסגעמאַר־קירט ניט צו האָבן קיין געלט צו קויפן אַ נייעם סוט, כדי מיין געוויסן זאָל מיך ניט גריזשען. און גלויבט מיר, ס'איז מיר ניט אָנגעקומען שווער.

וואָלט איך מיר אַזוי געלעבט בשלום און זיך געעלטערט מיט מיינע אַלטע סוטלעך, ווען די וועלט לאָזט מיך. אָבער די וועלט לאָזט ניט. די וועלט רייסט פון מיר שטיקער: קויף זיך אַ סוטל!

די ערשטע און די גרעסטע מאָנערקע איז — די ווייב. געוואַלט! — שרייט זי, — ווי שעמט זיך ניט אַ מענטש צו טראָגן אַזאַ אַלט און אָפּגע־לעבט סוטל? נאָך אַ וואָך און דו וועסט בלייבן אַ נאַקעטער! נו, און די קינדער? און די משפחה? און גלאַט אַזוי אידן וואָס שטעכן מיר די אויגן. נו, און דער שניידער, וואָס דערמאָנט מיך אַלע מאָל, אַז דעם סוטל גייען שוין אויס די כוחות און ס'וועט שוין לאַנג ניט ציען, און איך מעג שוין טראַכטן פון אַ צוקונפטיק סוטל? נו, און — מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש — און ווי איז, אַז מ'וויל אַמאָל געפעלן אַ שיין ווייבל און זי גיט אַ קוק אויפן אַלטן סוט? עס גייט מיר דאַן דורך אַ שוידער איבערן לייב. הכלל, די וועלט שטייט אויף דער וואַך און לאָזט מיר ניט אויסלעבן בשלום מיינע פאָר יאָר מיט די היימישע, איינגעפונדעוועטע סוטלעך . . .

כ'האָב שוין געפּרואווט אַמאָל זאָגן, אַז איך קען פּשוט ניט קריגן עפּעס אַ לייטיש סוטל. נו, פרעגט שוין בעסער ניט! מ'האָט געלאַכט פון מיר אין די הויפּנס. מ'פלעגט מיר אָנווייזן, אַז מ'שלעפּט דאָך ביי די פּאָלעס און מ'לאָזט קיין מענטש די גאַס ניט דורכגיין. לעבן יעדער סטאָר שטייט אַ איד און בעט זיך:

— נו, מיסטער, עפּעס אַ גוט סוטל? קומט אַריין, מעסט אָן. איר דאַרפט ניט קויפן, אָבער אָנמעסטן מעגט איר דאָך!

אַז ס'איז אַרויס פון דער מאָדע דאָס שלעפּן ביי דער פּאָלע, האָט מען אָנגעהויבן שלעפּן אויף אַנדערע אופנים. מ'האָט געמאַכט גרויסע עלעקט־רישע שילדן; מ'פאַרנעמט גאַנצע זייטן מיט אַנאָנסן אין די צייטונגען.

מ׳פאַרהאַקט אַ קאָפּ אויף דער ראַדיאָ ; מ׳שרייט פון אַלע דעכער: „גע־וואַלט, קויפט אַ סוטל!" און יעדערער בעט מען זאָל קויפן ביי אים ; אַז איר וועט אַנטאָן זיינס אַ סוטל, וועט איר אויסזען ווי אַ גראַף, ווי אַ פּרינץ, מענטשן וועלן קריגן גרויס דרך־ארץ פאַר אייך. הכלל, נאָכאַמאָל: קויפט אַ סוטל! . . .

נו, און אַז כ׳האָב געפּרוּאווט מאַכן זיך ניט־זעענדיק, האָט מען דען געלאָזט? די ווייב פּלעגט מיך וועקן כ׳זאָל הערן די ראַדיאָ, וואו מ׳בעט זיך ביי מיר, אַז איך זאָל קומען אין געשעפט אַריין און איך וועל שוין אַן אַ סוטל ניט אַרויסגיין. און טאָמער האָב איך ניט קיין געלט, איז עס אויך בלאָטע. מ׳וועט מיר געבן אויף אויסצאָלן. נישקשה, מיין וואָרט איז גוט. די קינדער ברענגען מיר אַלע טאָג אַ בייע צייטונג און ווייזן מיר: „פּאַפּ, גיב אַ קוק. אַ סטיל. מ׳לאָזט אַרונטער גאַנצע 20 פּראָצענט". נו, איך דאַרף אייך דען אויסרעכענען אַלע טריקס מיט וועלכע מען וויל מיר פאַרקויפן אַ סוטל?

דערפאַר איז ביי מיר אַלע יאָרן געווען אַ פּראָבלעם ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון קויפן אַ ניי סוטל. אָבער איצט? איצט איז מיר גוט ווי די וועלט! ניטאָ קיין סוטל. איר הערט? פּשוט ניטאָ, און דאַצאָל!...

און אַז איך קום אַריין אין אַ סטאָר און גיב אַ קוק ווי ער איז אָנגע־פּאַקט מיט סוטלעך פון פאַרשיידענער גרויס און אַלערליי קאָלירן און אַ גאַנצע מחנה פאַרקויפערס דרייען זיך אַרום און וואַרטן אויף אַ קונה, ווערט מיר פינצטער אין די אויגן און איך טראַכט, אַז דאָ בין איך שוין אַריינגעפאַלן. אָט דאָ, טראַכט איך, וועט מען שוין אויף מיר אויפהענ־גען אַ ניי סוטל, און ס׳ווערט מיר שוין באַצייטנס הייס און אומבאַקוועם. אָבער אַז אַ פאַרקויפער קומט־צו און גיט מיך אַ מעסט־אָפּ מיט די אויגן און פרעגט מיך וואָס איך וויל, און אַז איך זאָג אים, אַז איך וויל אַ סוטל און ער גיט מיר אַ זאָג מיט אַ רחמנות־פּנים: „ניטאָ קיין סוטלעך, בפרט נאָך פאַר אַ פאַרשוין מיט אַזאַ פיגור", — ווערט מיר פריילעך אויפן האַרצן.

ווער שמועסט, אַז ער גיט נאָך צו, אַז ער ווייסט ניט ווען ער וועט אַמאָל אַריינקריגן אַזאַ סוטל, גיי איך אַרויס אַ שטאָלצער און צום ערשטן באַקאַנטן וואָס איך טרעף־אָן גיב איך אַ פאַרצווייפלטן קרעכץ און זאָג: „אַן אומגליק. מ׳קען גאָר ניט קריגן קיין שטיקל סוטל!" און אַז ער ענט־פערט: „דו דערציילסט מיר? איך זוך שוין אַרום אַ סוטל מאָנאַטן־לאַנג און קען ניט קריגן", — ווערט מיר גוט אויפן האַרצן און איך פיל זיך ווי אַ זיגער.

אידן, ס׳איז מיר גוט ווי די וועלט! כ׳בעט גאָט, אַז ס׳זאָל אייביק אַזוי אָנהאַלטן.

# ער זוכט אַ קאָפּ

מעקס שטיינגאָלד איז אַ איד וואָס זוכט ניט קיין כבוד, ניט קיין געלט. ניט קיין ליבע, ניט קיין מאַכט נאָר — קעפּ. מיינט ניט, אַז ער דאַרף קעפּ צוזאַמענצושטעלן אַ מיניסטאַרן־קאַבינעט, אָדער ער האָט אַ קאָפּע־ליוש־פאַבריק, אָדער ער איז אַ באַרבער, ניין, מעקס זוכט קעפּ, ווייל, ווייל ער איז אַ פרענאָלאָג! . . .

וואָס פרענאָלאָגיע איז, איז אַ גאַנצע מעשה צו דערקלערן. נאָר די וויכטיקסטע זאַך איז, אַז צו פרענאָלאָגיע דאַרף מען האָבן אַ קאָפּ! ניט, חלילה, אַן אייגענעם, ס'איז גענוג יענעמס אַ קאָפּ . . .

איר ווייסט דאָך, אַז דער מענטשלעכער קערפּער איז צעטיילט ווי, להבדיל, די „יו עס" אין שטאַטן און יעדער שטאַט האָט אַן אַנדערע מין אַגריקולטור פון וועלכע מענטשן ציען חיונה. אַזוי איז ביים מענטש. למשל: די ציין האָבן פאַרכאַפּט די דענטיסטן, די אויגן, די אָפּטאָמעטריס־טען, די פיס, די טשורעפּאַדיסטן, די קרידשעס, די קיראָפּראַקטאָרס, די נשמה, די מיסיאָנערן, דעם בויך מיט די קישקעס, די כירורגן, א.אז.וו. זיי־נען נאָך געבליבן די קעפּ, וועלכע האָבן סיי־ווי געפּוסטעוועט, זיינען גע־קומען די פרענאָלאָגן און זיי פאַרכאַפּט.

פון אָנהייב האָט מעקס זיך אַריינגעלאָזט אין פרענאָלאָגיע אַלס צייט־פאַרטרייב. אַלעהיי אַ מענטש שפּילט אין קאָרטן אָדער קלייבט מאַרקעס. אָבער ביסלעכווייז איז ער געוואָרן אַ גאַנצער וויסנשאַפטסמאַן אַ פּראָפע־סאָר אויף דעם געביט . . .

ווען מעקס דערטאַפּט אַ נייעם מענטש גיט ער אים באַלד אַ לעקציע וועגן פרענאָלאָגיע. לויט דער פרענאָלאָגישער וויסנשאַפט ליגן אַלע מענטשלעכע אייגנשאַפטן, אַלע זיינע כאַראַקטער־שטריכן אינעם קאָפּ! מ'דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי זיי אויסצוגעפינען. מעסטנדיק און טאַפּנדיק דעם קאָפּ, אַנטדעקט מעקס ביי אים אַזעלכע כאַראַקטער־שטריכן, אייגנ־שאַפטן און ליידנשאַפטן, וואָס ווען יענער זאָל לעבן טויזנט יאָר, וואָלט ער זיי ביי זיך אַליין ניט אַנטדעקט. מעקס שטודירט דעם קאָפּ, ווי מ'שטו־דירט געאָגראַפיע. יעדעס קנייטשעלע, יעדעס בערגעלע אָדער טאָלעכל, אָדער וואָרצעלע האָט אַ באַשטימטע באַדייטונג!

מעסטנדיק און טאַפּנדיק דעם קאָפּ, האַלט מעקס אַ גאַנצע לעקציע

ביי יעדן פונקט וואָס ער רירט אָן. אויב דער קרבן איז אַ מאַן, ווער שמועסט אַ באַפּליעכטער, גליטשט מעקס אַרום זיין האַנט אויפן באַקעטן שאַרבן, ווי אויף אַ גליטשיקן טייך. נאָר טאָמער איז עס אַ דאַמע, מיט אַ וואַלד געדיכטע האָר, פאָרט ער דאָרט אַריין מיט דער האַנט, גריבלט מיט די פינגער, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט אַ פאַרלאָרענעם אוצר און ווייזט אָן מיט גרויס אויטאָריטעט, אַז די, אָדער די פאָרם פונעם אויבערשטן טייל קאָפּ באַווייזט, אַז דער מענטש איז מוזיקאַליש; אַן אַנדער פאָרם ווייזט, אַז ער איז אַרטיסטיש, אין דעם ווינקל ליגט הומאָר און דער ברייטער שטערן באַווייזט כאַראַקטער־פעסטקייט און אַזוי דערגייט ער פון יעדן קאָפּ אַלע מעלות פון זיין קרבן! . . .

איך זאָג אַלע מעלות, ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז קיין חסרונות געפינט ער קיינמאָל ניט ביי זיין קרבן. פאַרקערט, טאָמער האָט יענער — נאָך מעקס'עס מיינונג — עטלעכע חסרונות, ווערן זיי ביי מעקס'ן פאַרוואַנדלט אין זעלטענע מעלות. ווייל מעקס, דאַרפט איר וויסן, איז אַ דזשענטלמאַן, אַ הומאַניטאַריער, זיין אויפגאַבע איז בלויז צו געפינען גוטס אינעם מענטשן. אויסצוגעפינען דאָס שלעכטע אינעם מענטשן איז אַן אויפגאַבע פאַר דער פאָליציי, פאַר די געריכטן, פאַר די קרימינאַלאָגן! . . .

ווען מעקס מעסט אָדער טאַפּט דעם קאָפּ און אים דוכט זיך, אַז זיין קרבן איז אַ קאַרגער, ווייזט ער אים אָן, אַז לויט דער פאָרם פון זיין שטערן האָט ער אַ גרויס געפיל פאַר עקאָנאָמיע . . . טאָמער איז יענער אַ פּשוטער בלאָפער און קען צוזאַמענפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט און ס'זאָל זיך אויסלאָזן אַ בוידעם, דערקלערט ער יענעם, אַז ער האָט אַרכיטעקטאָרישע פיאַיקייטן . . . אַז אַ אידענע האָט אַ נייגונג צו רכילות־טרייבעריי און שטופּט די נאָז אין פרעמדע טעפּלעך, באַוואונדערט ער איר'ע נייגעריקע אינסטינקטן וואָס טרייבן מענטשן צו גרויסע אַנטדעקונגען! . . . אַ גנב איז ביי אים אַ מענטש מיט אַ חוש פאַר סאָציאַלן יושר, וואָס קען ניט ליידן אַז איינער באַזיצט מער פונעם אַנדערן! . . . אַ באַרימער איז אַן אָפּנהאַרציקער מענטש, וואָס האָט פיינט אַרומצוטראָגן זיך מיט סודות און טיילט זיך מיט זיינע דערפאָלגן מיט זיינע מיטמענטשן! . . . אַ איד אַ נודניק, וואָס האַקט כסדר אַ טשייניק וועגן וועטער, איז ביי אים אַ ליבהאָבער פון דער נאַטור! ווער שמועסט, אַז איינער איז אַ שטיקל צעדרייטער, איז ער ביי אים אַ פּאָעט, אַן אַרטיסט, אַ גאָט־געבענטשטער טאַלאַנט! . . . און אַזוי זיינען אַלע זיינע קרבנות צופרידן, באַוואונדערן זיין גרויסקייט און זיין געוויסן איז אים אויך ריין . . .

נאַטירלעך טרעפט אַמאָל, אַז מ'ווייזט אים אָן אויף אַ טעות. למשל:

## הירש רייף

אַז ער האָט אָנגעוויזן, אַז יענער איז שטאַרק מוזיקאַליש, אין דער צייט וואָס אַלע ווייסן, אַז ווען ער נעמט זינגען ווערט אַ בהלה און מען מיינט, אַז אַ ווילדע קאַץ האָט זיך צעמיאַוקעט אונטערן בעט . . . ענטפערט ער, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל דער אָרגאַן איז ביי אים ניט אין אָרדענונג. דאָס איז בלויז אַ טעכנישער פעלער . . . אָבער זיין נשמה איז אַ הימלשע און זינגט אין אים כסדר! אַך, ווען מ׳זאָל זיך קענען דערגריבלען צו די טיפענישן פון זיין נשמה, וואָלט מען דאָרט אַנטדעקט אַ גאַנצן אָרקעסטער! נאָר אַזוי ווי די נאַטור האָט זיך אויך אירע קאַפּריזן, רייצט זי זיך אַרום מיט די מענטשן. מיט איין האַנט גיט זי און מיט דער צווייטער שטראָפט זי. און אָט אַזוי גייען אַרום אַ סך מענטשן מיט מוזיקאַלישע נשמות און זיינען שטום ווי די פיש, און פאַרקערט, אַנדערע וואָס האָבן גאָר קיין נשמה ניט, זינגען און שפּילן אויף טיש און אויף בענק! . . .

הכלל, אויב איר האָט אַמביציעס צו ווערן עפּעס אַ גרויסער קינסט־לער, ווענדט זיך ניט צו די רעדאַקטאָרן, צו די טעאַטער־דירעקטאָרן, צו די מבינים אויף אַלערליי קונסטן. ניין! ניט צו זיי ווענדט זיך! דאָס זיינען אַלע אַ באַנדע סאַדיסטן! אָנשטאָט דעם נעמט אייער קאָפּ און טראָגט אים אַוועק צו מעקס׳ן און ער וועט שוין ביי אייך אַנטדעקן אַזעלכע געניאַלע פייאיקייטן, וואָס אין חלום האָט איר זיי ניט געזען! . . . ווייל מעקס איז אַ דזשענטלמאַן, אַ הומאַניטאַריער און האָט ליב צו זען אַ גליק־לעכע מענטשהייט! . . .

# אַן אמת׳ער וועגעטאַריאַנער

איך בין געזעסן אין דער קאַפּעטעריע און צוגעזען ווי ער זיצט און מאַטערט זיך איבער אַ שטיקל פליייש און בורטשעט און זידלט און וואַרפט דעם גאָפּל און ס׳מעסער און קען זיך ניט באַרואיקן. אַז ער האָט דער־זען ווי איך באַטראַכט אים מיט רחמנות ווי ער האָרעוועט נעבאַך אַזוי שווער, האָט ער זיך אָפּגערופן צו מיר:

— אַמעריקע גנב! אַ וויסט יאָר האָט געמעגט קומען אויף קאָ־לומבוס׳ן אײדער ער האָט אויסגעטראַכט דאָס שטיק וויסטעניש וואָס הייסט אַמעריקע! דאַכט זיך אַזאַ ריזיקע מדינה, אָנגעשטאָפּט מיט כל־טוב, נאָר אַז ס׳קומט צו עפּעס איז ניטאָ וואָס צו עסן! אַ גאַנצן טאָג אַרבעט מען צעזעצטערהייט אין שאַפּ, מ׳ווערט אויסגעריסן, און ווען מ׳קומט אַהיים, דאַרף מען אויפּסנײי זיך אָוועקזעצן אַרבעטן, באַגיסן זיך מיט שווייס, אויסדרייען זיך די הענט ביז מ׳דערלעבט אָפּצושניידן אַ שטי־קעל פאַדלע, און טאָמער געלינגט שוין יאָ אַמאָל אויפצוועסן אַ שטיקל פון אָט־דער פאַדעשווע, איז מען ניט זיכער מיטן לעבן! דאָס־אַ שטיקל פאַדעשווע אַז עס מופּט אַריין אין בויך אַריין, ליגט עס דאָרט שוין אַבי געזונט און איר וועט עס שוין אַפילו מיט אַ פונט דינאַמיט ניט אַרויס־שיסן פון דאָרט! . . .

— און איך, — זאָגט ער ווייטער, — און איך, ווי איר קוקט מיך אָן, מוז האָבן ס׳שטיקל פליייש! אָן דעם שטיקל פליייש בין איך אַ טויי־טער! אָט־אָ־דאָס וואָס איך גיי אַרום, האַלט זיך אויף די פיס, איז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס איך עס דאָס שטיקל פליייש! מיין דאָקטאָר האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז טאָמער הער איך אויף צו עסן פליייש, זאָל איך מער ניט קומען צו אים, נאָר זאָל גלייך אַריבערגיין צו אַן אָנדערטייקער ער זאָל מיר טאָן מיין העכט. און דאָ אַזאַ אומגליק! ניטאָ קיין פליייש, כאָטש גיי אַרום און — גיט אַ קוק וואָס ס׳איז פון מיר געבליבן!

זאָג איך צו אים:

— ווער הייסט אייך עסן אָט־דאָס־אַ חזר׳ריי? די בעסטע זאַך איז, ביים היינטיקן יקרות אויף פליייש, צו ווערן אַ וועגעטאַריאַנער.

גיט ער אַ פאַרזשמורע אַן אויגל, גיט אַ צי אַרויף די שפּיציקע נאָז און גיט אַ פרעג:

— אַ וועגע־וואָס?

זאָג איך אים נאָכאַמאָל, אָבער דאָס מאָל צי איך שוין די ווערטער פּאַוואָליע, ווי מען ציט לאָקשן, — אַ ווע־גע־טאַ־רי־אַנער.

זאָגט ער:

— איר מיינט אָט־די וואָס עסן אינגאַנצן ניט קיין פליישׂ?

— יאָ, די טאַקע מיין איך.

— עט, — מאַכט ער, — שוין דאָס אויך געפּרואווט. ס'האָט ניט געאַרבעט. פון דעם האָט זיך דאָס טאַקע אָנגעהויבן מיין אומגליק. גאַנצע דריי יאָר געווען אַ שטרענגער, אַן אמת'ער, ווי זאָגט איר דאָרט, אַ וועגע—יאָ, אַ וועגעטראַנער. קיין ברעקל פליישׂ ניט גענומען אין מויל אַריין. געהאַט טראַבל מיטן מאָגן, האָט מיר איינער מיט לאַנגע האָר און אין לייוונטענע הויזן מיט עטלעכע בערדלעך אויפן מילכיקן פּנים, איינגערעדט ניט צו עסן קיין פליישׂ. איז ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך גאַנצע דריי יאָר געווען אַ שטרענגער וועגעטראַנער! בלויז ספּרינג־טשיקן! קיין ברעקל פליישׂ! האָב איך טאַקע אָנגעהויבן פאַלן פון די פיס, פאַרלירן וואָג. האָט דער דאָקטאָר געגעבן אַ שטרענגגן אָרדער: פליישׂ! האָב איך גענומען עסן פליישׂ און האָב שוין געהאַלטן אויף אַ דרך. איז מיט־אַמאָל, ניטאָ קיין פליישׂ! גיין ווערן צוריק אַ וועגעטראַנער און גיין זיך ווידער שטאָפּן מיט ספּרינג־טשיקן, וועט זיין מיין סוף!

גיב איך אַ שמייכל און זאָג:

— נו, און ספּרינג־טשיקן איז דען ניט קיין פליישׂ? דאָס דאַרף מען דאָך אויך קוילענען, פליקן און קאָכן, ס'איז דאָך אויך אַ לעבעדיקע זאַך.

נעמט ער זיך שוין בייזערן אויף מיר און שרייט:

— מיר דוכט זיך, אַז איר זענט אויך פון יענע חברה! מ'זאָל וועלן פאָלגן אייערע חברה און אַריין אין די וועגעטראַנער ביזנעס, איז דאָך ניטאָ קיין גרענעץ ווי ווייט זיי קענען אייך פאַרשלעפּן! נאָך אַלעמען, — שרייט ער, — דאַרף מען דאָך וויסן וואו־איין און וואו־אויס! מילא, פליישׂ, איז ניט קיין פליישׂ. דער גרויסער פליישׂ־עסער וואָס איך בין דאָס געווען! טאָמער האָב איך דאָרט געגעסן אַ פאָר מאָל אין טאָג אַ האַלב פונטל פליישׂ, איז גלויבט מיר, אַז צוליב דעם האָט זיך אסור געלוינט צו קוילענען אַ גאַנצע בהמה. איז ניט קיין פליישׂ, אָבער גיין אַריינלאָזן זיך אין אייערע פירעכצן קומט אויס אַרומצוגיין און שלינגען די סלינע! נו, טאַקע, קיין פליישׂ — ניט, טשיקן — ניט, פיש — ניט. קיין סעמען, קיין קאָרנבדיף, קיין לאָקס, קיין הערינג, קיין — גאָרניט! און אַ לעבן

## לחיים אידן

מאַכן מוז מען!

זאָג איך: — קענט איר דאָך עסן וועדזשעטייבלס.

שרייט ער שוין אויף די גאַר הויכע טענער:

— וועדזשעטייבלס מאַי אַי! וויפיל איז דאָס דער שיעור זיך צו שטאָפּן מיט אָט־די וועדזשעטייבלס? ס'קריכט דאָך שוין פון האַלדז! נאָכאַמאָל געפרייטע אייער, ווידעראַמאָל פּאָטייטאָ־פּיראָגן, אָדער בלינצעס, אָדער קאַשע וואַרנישקעס, מצה־לאַטקעס, קנישעס, אָדער קליסקעלעך. ס'האָבן מיר אַ טעם אייערע וועדזשעטייבלס.

נעם איך שוין שרייען אויף אים:

— איד, וואָס איר זענט! די אַלע זאַכן, וועלכע איר האָט נאַר־וואָס אויסגערעכנט, זיינען דאָך ניט קיין וועדזשעטייבלס, דאָס איז דאָך קראַכ־מאַל, סטאַרטש! פון די מאכלים קריגט מען דאָך אַ גרויסן בויך, אַ האַר־טען מאָגן, אַ צוקער־קראַנקהייט, מ'הויבט אָן סאָפּען און מ'קריגט אַ קורצן אָטעם! וואָס איר דאַרפט עסן, איז וועדזשעטייבלס, קרויט, ספּינאַטש, מייערן, סעלערי, בראָקאָלי, טאָמעיטאָס. די אַלע וועדזשעטייבלס אַנט־האַלטן דאָך אַ מאַסע וויטאַמינען. דאָס וועט אייך אַריינגעבן ענערגיע, „פּעפּ", ווי מ'רופט עס דאָ! אָט וואָס איר דאַרפט עסן!

מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן אַ גלאַנץ אין זיינע קליינע הינערשע אויגעלעך. אַ ברייטער לעקישעוואַטער שמייכל האָט זיך צעלייגט איבער זיין קיילעכדיקן קעלבערנעם פּנים. ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, זי וואַרעם געדריקט און מיט גרויס באַגייסטערונג גערעדט מער צו זיך ווי צו מיר:

— אוי, אַ לעבן אויף אייך! איך דענק, אַז איר האָט רעכט. אַלע שרייען דאָך איצט וויטאַמינס. מ'דאַרף טאַקע נעמען עסן אָט־די אַלע זאַכן! קרויט, ספּינאַטש, סעלערי. מ'דאַרף קריגן אַ ביסל וויטאַמינס! ווי זאָגט איר: „פּעפּ". איך וועל אייך ווערן אַן אמת'ער וועגעטעראַנער! כ'וועל אייך עסן שטרוי, גראָז, היי, האָלץ און שטיינער אַבי צו קריגן אַ ביסל פרישע כוחות! אַמאָל אַ שטיקל פליש איז דאָך געווען אַ פאַרגע־ניגען. ס'האָט זיך אַליין אַריינגעגליטשט אין מאָגן אַריין. אָבער היינט, היינט דאַרף מען זיין געזונט ווי אייזן בייצוקומען דאָס שטיקל פּאַדלע! מ'עט בידאַי ווערן אַ וועגעטעראַנער, אַבי צו קריגן כוחות אויפצועסן ס'היינטיקע שטיקל — מישטיינס געזאָגט — פלייש! . . .

# מיסטער מאַשיאַק איז אַ-קעי!

דורך די צוויי יאָר, וואָס איך האָב, אין מלחמה־צייט, געאַרבעט ביים בויען שיפן, איז סעם, אַ יונגער בחור, געווען מיין בעסטער פריינט. דאָס איז געווען דער בעסטער פאַרטרעטער פונעם יונגן, אידישן דור אין אַמע־ריקע. אמת, קיין גרויסער תלמיד־חכם איז סעם ניט געווען, אָבער דאָס אידישקייט וואָס עס האָט אים געפעלט אין קאָפּ, האָט ער געהאַט גענוג אין דריי אַנדערע פּלעצער: אין מאָגן, אין די פויסטן און איבערהויפּט אין האַרצן . . .

סעם פלעגט אַלעמאָל לעקן די פינגער פונעם מאָגן אידישקייט. אַז סעם האָט זיך אַוועקגעזעצט עסן מיטיק און ער האָט אויסגעפּאַקט זיין לאַנטש, האָט עס פאַרשמעקט דעם „שיפּיאַרד". זיין מאַמע, אַן אמת'ע בראַנזווילער אידישע טאַכטער, האָט איר גאַנצע קאָך־און־באַק־קונסט אַריינגעלייגט אין סעמ'ס לאַנטש. דאָרט זיינען געלעגן אַזעלכע פיינע, שמעקעדיקע מאכלים, אַז סעם האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און האָט געמאַכט אַ ברכה איבער זיי. אָבער אין דער ברכה איז שוין געלעגן זיין טאַטנ'ס אַרבעט, אַן אמת פרומער, אָרטאָדאָקסישער, בראַנזווילער איד. וואָס האָט אַריינגעקוועטשט אין סעמ'ען וויפיל אידישקייט ס'האָט זיך נאָר געלאָזן . . .

סעמ'ס פויסט־אידישקייט איז שוין געווען אַ רעזולטאַט פון זיין אי־דישער דערציאונג און אידישער אומגעבונג. סעם האָט געהאַט אַ פּאָר אייזערנע, אויסגעמוסקעלטע הענט און ווי איז געווען דעם, וואָס האָט געוואָגט באַליידיקן, אָדער חוזק צו מאַכן פון עפּעס וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט אידישקייט! אָבער דאָס וויכטיקסטע איז געווען זיין האַרץ־אידישקייט. סעם פלעגט ווערן געריירט ביז טרערן, אַז ער האָט געהערט פון אידישע צרות. ער פלעגט ברויזן מיט צאָרן, כאָטש ער האָט עס אויס־געדריקט אויף אַן אומגעלומפּערטן אופן. כאָטש פסוקים און אידישע ווערטלעך האָט ער געקענט אַ סך, סיי פון חדר, סיי פון טאַטן און סיי פון דער מאַמען, פלעגט ער אָבער אַלעמאָל פאַרדרייען די יוצרות און זאָגן למשל: „ברוך דיין אמת", ווען אימיצער האָט חתונה געהאַט; און אַז עס האָט געטראָפן מיט אימיצן אַן „עקסידענט" האָט ער געקענט געבן אַ זאָג, מיט וויטיק אין האַרצן: „זאָל עס אים נעבעך אַרויסקריכן באַ־קאָם!". אָבער מיטן גאַנצן מיש־מאַש ביי אים אין קאָפּ וועגן אידישקייט,

איז ער געווען אַן אמת'ער אידישער בחור, מיט אַ גרויס אידיש האַרץ, וואָס האָט געבלוטיקט און מיטגעווייטיקט מיט אַלע אידישע צרות, וואָס אידן האָבן געליטן פון די נאַציס!

איינמאָל פרעג איך אים: „סעם, ווי דענקסטו, משיח וועט אמאָל קומען?" ווערט סעם בייז, זיינע אויגן צינדן זיך אָן מיט צער און צאָרן, ער טוט אויס זיין העלמעט, לייגט אַוועק זיינע שמעלץ־מכשירים, (ער איז געווען אַ „וועלדער", אַ שמעלצער), און גיט אַ זאָג מיט רציחה:

— העל! נאָטס!

זאָג איך: — סעם, וואָס מיינסטו?

זאָגט ער:

— וואָס איך מיין?! איך מיין, אַז יו קענ'ט טראַסט דוהאָט גאַי עני־מאָר!

פרעג איך אים נאָכאַמאָל וואָס ער מיינט, זאָגט ער:

— דו ווייסט וואָס מיין איך! איך מיין, אַז דהי גאַי איז פול אָף באַלאָני און ער קען מיך ניט בלאָפן נאָו מאָר! איך געהערט פון מיין טאַטן, פון דהי רעבאַי אין קיידער, אַז ער גייט קומען סון. אַלע טאָג דאַ־ווענען זיי, בעטן אים, אַז ער זאָל קומען און ער, טעיקס איט איזי! אַ לעיזי גאַי! גיט ניט קיין העגג, וואָס דהי דזשואיש פיפל האָבן איצט אַ באָנטש מיט טראָבל! מ'האָט שוין באַלד אויסגע'הרג'עט אַלע אידן און ער זיצט זיך ערגעץ אַפסטעירס, סמוקט אַ פייפ, און גיט ניט קיין גאַדעם פאָר דהי האָל דעם טהינג! איז טהאַט נייס?! און מיינדזשו, מ'האָט אים ניט געראַשט, געגעבן אים פלענטי טאַים! און שוין צוויי טויזנט יאָר ווי ער פראָמיסט, אַז אָט־אָט קומט ער, באָט ווער אין דהי העל איז הי?! איך וויים, אַז אַ דזשואיש באָי טאָר אַזוי ניט ריידן, באָט אַם טיק אָף איט! קענ'ט סטענדיט ענימאָר! ציינאָף!...

— באָט, סעם, — זאָג איך, — מ'דאַרף אים געבן אַ טשענס, ס'איז אַ ביג דזשאָב. ס'נעמט צייט!

זאָגט ער:

— טשענס, מאַי אַי! סעי, ליסן, — שרייט ער שוין, — דיר האָסט געלייענט דהי טאָוראַה? — יאָ, זאָג איך, איך האָב געלייענט די תורה. — סאָו היר יו אַר, — זאָגט ער, — אויב דיר געלייענט די טאָוראַה, סאָו דו ווייסט, אַז דאָרט שטייט געשריבן בלעק אויף ווהייט, אַז ער גייט קומען עני דעי אויף אַ ווייסער פאָני און ער וועט מאַכן אַ ברידזש אָף פּעי־פער און מיר וועלן וואָקן לאַיק סאָלדזשערס. הו דהי העל דאָרף אַ ברידזש אָוו פעיפער? זאָל ער מאַכן אַ פלעין ברידזש, לאַיק דהי ברוקלין ברידזש! שוין צוויי טויזנט יאָר ווי ער פראָמיסט צו קומען, גיב אַ קוק וויפיל בריקן

מיר האָבן שוין געמאַכט, באַט ער האָט נאָך אָפּילו ניט קיין סטאַרט! עי פּאָליטישן! . . .

— סעי, סעם, — זאָג איך, — דו מיינסט, אַז ער דאַרף קומען פון בראָנזוויל אָדער פון בראָנקס? פאַרגעס ניט, אַז ער דאַרף קומען פון הימל און ס'נעמט צייט.

— סעי, — שרייט ער, — דאָנט גימי דהאַט סטאַף! דאַרף קומען פון העווען! סאָו וואָט? לוק, — ווייזט ער אויפן הימל, — מיר האָבן פּלענטי עראָפּלענס, זאָל ער נאָר ווייזן זיינע קרעדענשלס, אַז ער איז אַ מאַשיאַק, וועט אים עני לאָוזי פּאַילאָט געבן אַ היטשהאַיק און אין נאָ טאַים איז ער דאָ! וועז ער זאָל אַפילו פאָרן אויף אַ באַיסיקל אָדער אויף סקעיטס, וואָלט ער שוין אויך באַדאַרפט זיין דאָ! באַט דהי גאַי טעיקס היס טאַים, זיצט אָפּסטעירס און פּלעיס טשעקערס, אָדער מאַנקיס אַראַונד מיט אַן ענדזשעל וואומען, ענד דאָנט גיוו עי גאָדעם פאַר אַל דהי טראָבלס וואָס מיר האָבן דאָ! אַז ניט גיין קומען, איך האָב נאָו יוז פאַר אים! . . .

* * *

לעצטע וואָך האָב איך אים באַגעגנט, סעמ'ען. ער איז מיר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלז, מיך געקושט און מיר געוואונטשן מזל־טוב און מיט באַגייסטערונג אויסגעשריגן:

— סעי, הערי, יו נאָו, דער מאַשיאַק איז אָ־קעי! הי איז עי פיין גאַי! עפּטעראָל, אַז דהי אַמעריקען פּיפּל האָבן אים געזאָגט, מעיקיט סנעפּי, שעיק עי לעיג, צאַבאַוט טאַים אַרונטערצוקומען, האָט ער טאַקע געהאַלטן זיין פּראָמיס! און מעיבי ער איז עיפּרעיט, אַז אַן אַנדערער מאַשיאַק זאָל ביי אים ניט צונעמען דעם דזשאַב! עפּטעראָל, זיינען דאָך די מאַשיאַקס ניט אָרגאַנייזד, ענד דהי דזשואיש פּיפּל האָבן געוואָרן טאַיערד און וואָטסמאַר, דהי יו־ען האָט אים געגעבן פּאַלעסטיין און אים געזאָגט: היר באַי! קאַם האָום. אַלעס וועט זיין אָ־קעי!

— דזשי, — פאַרענדיקט סעם מיט באַגייסטערונג, — דזשי! איך אַליין געוואָלט פאָרן קיין פּאַלעסטיין! איך מיטנעמען מיין העלמעט, מיט די וועלדינג־טולס, און געבן עי הענד צו מאַכן פּאַלעסטיין עי נאַיס פּלעיס פאַר אַל דהי דזשואיש פּיפּל! יעס, הערי, דהאַט מיסטער מאַשיאַק איז אָ־קעי, מ'דאַרף אים געבן עי ברעיק! . . .

# דער אַלטער און דער נייער סידור

עס קאָכט, טומלט און רודערט זיך וועגן דעם נייעם סידור. איך אַליין האָב שוין ניט אַריינגעקוקט אין אַ סידור אַ היפּשע צייט פון יאָרן. אויב איך געדענק נאָך עפּעס וועגן סידור, איז עס נאָך פון מיינע קינדערשע יאָרן, ווען איך פלעג נאָכטראָגן דעם זיידן דעם סידור צום דאַווענען אין קלויז אַריין. שוין דאַן, געדענק איך, איז דער סידור געווען צו שווער פאַר מיר און יעדעס מאָל ווען ער איז מיר אַרויסגעפאַלן פון די הענט, האָב איך אים געמוזט אויפהייבן און קושן. און געקושט האָב איך אים מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי איך האָב געקושט די מומע דבורה'ן, וועלכע האָט געהאַט אַ פּאָר פעטע ליפּן, אפשר צוואַנציק וואָרצלען אויפן פּנים און אַ פּאָר שוואַרצע וואָנצעס, נאָך גרעסער ווי ביים זיידן . . . און ניט איינמאָל האָב איך געכאַפּט קלעפּ פאַר אַרויסקוקן פונעם סידור אָדער פאַר איבערמישן עטלעכע בלעטלעך מיטאַמאָל. הכלל, כ'האָב ניט קיין זייער גוטע זכרו־נות פונעם אַלטן סידור!

איצט, אַז מ'האָט געמאַכט אַ נייעם סידור, האָב איך דערלעבט אַ נקמה אינעם אַלטן, בין איך דעריבער אַוועק און געקויפט דעם נייעם סי־דור, זיך אַוועקגעזעצט אין פּאַרק און געוואָלט זען וואָס דאָס איז אַזוינס.

נאָר גיי און קוק אַריין אינעם סידור, אַז אַ גאַנצע כאָפּטע אינגלעך מאַכן אַן אַזאַ טומל, שרייען, שפּרינגען, קריגן זיך, שטופּן זיך, וואַרפן זיך און די קולות גייען ביז צום הימל! טראַכט איך, וועגן וואָס שרייען און טומלען זיי אַזוי? מסתמא וועגן דעם נייעם סידור. ווייל וועמען נאָך גייט אַזוי אָן די פראַגע ווי זיי? דאָס איז דאָך דער צוקונפטיקער דור, וואָס וועט דאַרפן דאַווענען פון אָט־דעם סידור, טאָ לאָמיר הערן זייער מיינונג וועגן דעם.

האָב איך אַרויסגענומען עטלעכע שטיקלעך „טשואינג־גאָם" און אַ געשריי געטאָן:

— העי, באָיעס!

זיי האָבן מיך באַלד אַלע באַלאַגערט ווי טויבן, ווען מ'וואַרפט זיי פּינאַטס. איך האָב זיי איינגעטיילט צו שטיקלעך קיי־גומי און זיי גע־פרעגט אין אַן אמת'ן אידיש:

— נו, קינדער, ווי געפעלט אייך דער נייער סידור?

## הירש רייף

איינער, אַ געזונטער בחור, מיט אַ שוואַרצער בייז־באָל הענטשקע אין האַנט, אַ פאַרשוויצטער, האָט מיר אַרויסגענומען דעם סידור פון דער האַנט, גענומען האַסטיק בלעטערן און בשעת ער האָט געבלעטערט, האָב איך אים אונטערגעזאָגט:

— דאָס איז אַ נייער, אַ מאָדערנער סידור. קענסט כאָטש עפּעס אי־דיש?

— שור! — האָט ער אויסגעשריגן, — שור, איך אידיש קען פּלענ־טי! מיין גרענד־פאָדהער האָט מיר געספּיקט אַ באַנטש דזשואיש, איך גּעטראָגט פאַר אים דעם זידער אין שול, פאַר אַ ניקל אַ דעי!

זע איך דאָך, אַז איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ צוקונפטיקן תלמיד־חכם, זאָג איך:

— אַ, יאָ, ס'איז אַ מאָדערנער סידור.

בלעטערט ער אַהין און צוריק עטלעכע מאָל, שפּייט אויס ס'שטיקל קיי־גומי און גיט אַ שאָס אַרויס:

— לאַיק פאַן! באַלאָני!

זאָג איך: — וואָס מיינסטו באַלאָני? זאָגט ער:

— אַ מאָדערן זידער? ווי אַזוי איז עס אַ מאָדערן זידער, אַז ס'איז ניטאָ קיין פאַניס, נאַטהינג וועגן בייז־באָל, קיין לאַין וועגן באַי־סקאַוטס, ענד וואַטס אַבאַוט ראַדיאָ, מואוויס, טעלעוויזשאַן, פּרייז־פייטס? און מיינדדשו, קיין סינגל וואָרט אַבאַוט האָליוואוד, קיין איין טרו סטאָרי, אי־ווען אַ פּיקטשור פון העדי לאַמאַר און קלאַרק געיבל ניטאָ! סטינדזשי גאַיס, דהי סעים אָלד פעשאָן סטאַף, נאַטס!

פרעג איך אים: — גייסט כאָטש אין חדר?

— שור, איך גיי אין קיידער אָלע סאַנדעי! מיין רעבאַי מיט די וויסקערס טיטשט מיך אַ באַר־מיצוואָ ספּיטש, איך גיי קריגן אַ טאַלעס מיט טאַפילאָס!

— און וואָס זאָגסטו וועגן דעם מאָדערנעם סידור? — פרעג איך אַ שעמעוודיק, פאַר'חלומ'ט אינגעלע, — דו גייסט אויך אין חדר?

— איך, — זאָגט דאָס אינגעלע, — איך גיי אין אַן אַרבעטער־רינג שול. מיין לערער זאָגט, אַז מיר דאַרפן מאַכן אַ סינטעז פון אידישקייט און סאָציאַליזם. מיר דאַרפן אַוועק פון דער יאַרמולקע און מה־יפית־אידישקייט און דאַרפן זיין שטאָלצע און נאַציאָנאַלע אידן. און דאָס, — בלעטערט ער, — איז ניט קיין מאָדערנער סידור! אַ סידור אין וועלכן ס'ווערן ניט דערמאָנט אַזעלכע ליכטיקע געשטאַלטן, ווי: מעדעם, לאַ־

סאַל, גערשוני, וולאַדעק, דעבס, לעאָן בלום און דער אַרבעטער־רינג קעמפּ . . . אַזאַ סידור, — זאָגט מיין לערער, — דאַרפן מיר איגנאָרירן !...

ביסלעכווייז האָט זיך די גאַנצע מחנה אינגלעך פאַראינטערעסירט און האָבן זיך געשטופּט צו מיר פון אַלע זייטן, אַז איך זאָל זיי אינטערוויוען. איינער, אַ דרייסטער אינגל, האָט ניט געוואַרט, אַז איך זאָל אים פרעגן, נאָר האָט אַליין אָנגעהויבן :

— חבר, איך בין אַ תלמיד אין דער שלום־עליכם מיטלשול, בין באַקאַנט מיט דער אידישער ליטעראַטור, האָב שוין אַליין אָנגעשריבן צוויי פּאָעמעס אינעם „קינדער־זשורנאַל”, מיר האָבן שוין דיסקוטירט די שטעלונג צום נייעם סידור, און געקומען צום באַשלוס, אַז ער איז אונז אַ פרעמדער ! ערשטנס, זיינען מיר אידישיסטן און דער נייער סידור איז אויף העברייאיש. אָט פייערט מען איצט דעם דרייסיקסטן יאָרצייט פון פּרצ׳ן און דאָרט איז ניטאָ קיין איין וואָרט וועגן דעם ! נו, און וואו איז מענדעלע, שלום־עליכם, אונזערע קלאַסיקער ? מ׳וואָלט באָטש אַריינגעשטעלט אברהם רייזענ׳ס „מאַי־קאָ־משמע־לן”, אָדער לייוויק׳ס לידער ! ניין, חבר, מיר וועלן שוין מוזן אַליין מאַכן אַ נייעם סידור ! און אויף אַ ריינעם אידיש !

— און איך, — האָט איין אינגל אויפגעהויבן די האַנט, ווי מ׳פאַרלאַנגט אַ וואָרט ביי אַ מיטינג, — איך בין אַ ציוניסט, און לערן אין אַ שול פונעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד”.. איך זאָג, אַז מיר דאַרפן אַן אייגן לאַנד און דאַצאָל ! וואָס טויג אונז דער נייער סידור, אַז מ׳פאַרברענט אין גלות אונזערע שולן מיטן אַלטן און מיטן נייעם סידור, און מיר האָבן ניט וואו צו דאַוונען ?! וואָס, איך בעט אייך, איז אַ סידור אָן ביאַליק׳ן, וויצמאַנ׳ען, ברענער׳ן און אַלע אונזערע נאַציאָנאַלע העלדן?! גיט אונז ארץ־ישראל וועט איר זען וואָס פאַר אַ סידור מיר וועלן מאַכן !

— און איך, — האָט זיך אָפּגערופן אַ אינגעלע, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, וואָס האָט געטראָגן אַ יאַרמולקע, אַ פּאָר גלאַטע פיאות, אַ טלית־קטן און האָט געהאַלטן אַ „בייז־באָל־בעט” אין האַנט, — איך זאָג, אַז ס׳איז אַ חילול־השם אַזוי צו ריידן וועגן אונזער אַלטן, הייליקן סידור ! גאָט האָט אונז געגעבן אַ סידור, דאַרפן מיר אים אָפּהיטן ! מיין ראש־ישיבה זאָגט, אַז די רבנים וועלכע האָבן פאַרברענט דעם סידור ווען זיי האָבן געמאַכט דעם חרם, האָבן ניט גוט געטאָן. זיי האָבן פריער באַדאַרפט אויסקויפן דעם גאַנצן סטאַק פונעם נייעם סידור און אים פאַרברענען, ניט געבן אים פריער פּובליסיטי, אַז ער זאָל ווערן אַ „בעסט־סעלער” !

— און וואָס זאָגסטו? — פרעג איך אַ כוואַטסקן בחור, ביי וועמען ס'איז צוגעשפיליעט אַ רויטער קנאָפּ מיט סטאַלינ'ס בילד צום סוועטער, — דו ביזט אויך אַ איד?

— אויך אַ איד? — שטעלט ער זיך אַוועק אין אַ מיליטערישער פּאָזע, — איך בין ערשט דער אמת'ער איד! די אַלע זיינען דאָך קיין אידן ניט! דאָס זיינען דאָך פינצטערע שאָוויניסטן!

— גייסט אויך אין אַ שול? — פרעג איך אים.

— אַוודאי, — שרייט ער, — איך לערן אין אַ „אַי, אַי, אַ."-שול! („אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרדן").

— אויב אַזוי, וואָס דענקסטו עפּעס וועגן דעם נייעם סידור?

— אויב, — זאָגט ער, — איר ווילט וויסן וואָס איך דענק, מוזט איר פריער געבן עפּעס פאַר אונזער שול.

און ער נעמט אַרויס אַ פושקע מיט אַ רויטן מגן-דוד און הייסט מיר עפּעס אַריינוואַרפן. אַז איך האָב אַריינגעוואָרפן אַ מטבעה, האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן, ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט:

— אָט אַזעלכע חברים דאַרפן מיר! חברים וועלכע וואַרפן אַריין מיט אַ ברייטער האַנט אין פושקע אַריין! מיט זיי וועלן מיר איבערבויען די וועלט! ס'איז שוין פון לאַנג צייט געווען צו מאַכן אַ נייעם סידור. מיר די קעמפנדיקע אַרבעטער דענקען, אַז אַ סידור מוז אויך אַמאָל בייטן די ליניע! אַפילו חבר סטאַלין בייט דאָך אַמאָל די ליניע!

— וואָס, — זאָג איך, — פאַרגלייכסטו אַ סידור צו חבר סטאַלינ'ען? חבר סטאַלין, אַז ער ווערט אין אַנדערע אומשטענדן, לייגט ער זיך אַוועק און בייט די ליניע, אָבער אַ סידור?

— חבר, — האַקט ער מיר איבער, — חבר, איר רעדט ווי אַ פאַ-שיסט! אַ סידור וואָס בייט זיך ניט נאָך די אומשטענדן, איז אַ פאַר-שימלטער, טראַצקיסטישער סידור און מ'דאַרף אים ליקווידירן! דער נייער סידור וועט געשאַפן ווערן אינעם סאָוועטן-פאַרבאַנד, מיט רויטע טינט, אונטער דעם לאָזונג: „רעליגיע איז אָפּיום פארן פאָלק" און עס וועלן אין אים אַריין דער „אינטערנאַציאָנאַל", איציק פעפער'ס לידער, די בילדער פון די חברים לענין, סטאַלין, מאָלאָטאָוו, זשוקאָוו און — דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער!

ער האָט געוואָלט זינגען, אָבער איינער אַ בחור האָט אויסגעשריגן:

— העי, באָיעס, וואַטס אָל עבאַוט?

— איטס עבאַוט דהי זידער, יו גוי! — האָבן אַלע געענטפערט.

## לחיים אידן

— זידער מאַי אַי! לעטס סטאַרט דהי געים!

און דאָס צוקונפטיקע אידישע פאָלק האָט זיך מיט פאַראייניקטע כּו־חות אַריינגעוואָרפן אין דער בייז־באָל־געים.

איך בין געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער מיטן סידור אין האַנט. שווע־רע מחשבות האָבן מיך געמאַטערט, ביז אַ הארטער באָל האָט מיר אים אַרויסגעקלאַפּט פון דער האַנט.

איך האָב אים מיט צערטלעכקייט אויפגעהויבן, אים אַ קוש געטאָן און זיך דערמאָנט אינעם זיידן, אין דער מומע דבורה'ן מיט די פעטע ליפּן, מיט די וואָרצלען און די וואָנצעס וואָס זיינען געווען גרעסער וויביים זיידן און באַשלאָסן, אַז דעם נייעם סידור דערוואַרט אויך ניט קיין גאָר גליקלעכע צוקונפט . . .

# אַן אַנטיסעמיט

שוין יאָרן ווי איך זע אים, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, אויף דעלענסי סטריט. ער טראָגט אַלעמאָל אַ קוישל און פּעדלט מיט סעזאָן־איידישקייט. חנוכה פאַרקויפט ער דריידלעך, און חנוכה־לעמפלעך; פּורים — גראַגערס; פּסח — הגדות, מרור, חרוסת און אַנדערע „רעפרעשמענטס"; תשעה־באב — קינות; ראש־השנה — מחזורים; יום־כיפור — חלשות־טראָפּנס; סוכות — לולבים; שמחת־תורה — פאָנעז, און אַ גאַנץ יאָר טרעפט מען ביי אים אין קוישל: אַ בענטשערל, אַ מזוזה, אַ בינטל ציצות, אַ טאַבאַק־פּושקעלע, אַ הבדלה, און אַז ס׳גייט דורך אַ לוויה, האָט ער אין קוישל אַ פּושקע און גייט־נאָך און שרייט: צדקה תציל ממות! דאָס טוט ער שוין ניט אַזוי צוליב ביזנעס, נאָר ער וויל, אַז אידן זאָלן טאָן אַ מצוה און געבן צדקה . . .

אַז ער שטייט און לייזט ניט, האָט ער ליב צו אַדווערטייזן זיין סחורה און ער שרייט:

— אידן, פאַרגעסט ניט אין גאָט! קויפט אַ הגדה! אידן, פאַרטיליקט המנ׳ען! קויפט אַ גראַגער! אידן, קויפט אַ מזוזה! דאָס וועט אייך פאַרהיטן פון שדים, רוחות און — קינדנעפּערס! . . .

אַז ער ווערט ביזי, שטייט ער און רעדט גאָרניט און קוקט זיך נאָר צו ווי אידן קלייבן זיין סחורה און וואַרט מ׳זאָל אים געבן געלט. באָר אַז איינער אָדער צוויי אידן פרעגן אים וויפיל ס׳קאָסט און זיי נעמען זיך דינגען וועגן פּרייז, כאַפּט ער שנעל אַרויס ביי אַלעמען די סחורה פון די הענט, גיט זיך אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ אַזוי, אַז דער קאַפּעליוש פאַלט אים אַריבער איבער די אויגן און זיין רונד, פאַרזשאַווערט בערדל נעמט זיך שאָקלען און ער נעמט פּאָכען מיט די הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט צעטרייבן די פליגן פון גאָס און ער שרייט מיט כעס:

— גייט אייך געזונטערהייט! כ׳וויל ניט האַנדלען מיט אידן! כ׳האָב פיינט אידן! כ׳האָב פיינט אידישע קאָסטימערס! מיט אידן איז גוט צו גיין אין שול אַריין! קויפט ערגעץ אַנדערש! ס׳איז פאַראַן פּלענטי סטאָרס אין אַמעריקע! אין אַ סטאָר, אַז איר וועט באַצאָלן אַ קוואָדער פאַר אַ בינטל ציצות, וועט מען עס אייך איינפּאַקן און איר וועט אַ צופרידענער אַהיימגיין! און אַז איך בעט ביי אים צען סענט, וויל ער נאָך

זיי בודק זיין, און טאָמער פעלט אים, חלילה, אַ שטיקל פּאָדעם, איז עס ביי אים פּסול! אַ גוי ווייסט ניט פון די אַלע שטיק! אַ גוי, וואָס מ׳גיט אים, נעמט ער צו און באַצאָלט. אַ מחיה! און דערפאַר האָב איך פיינט צו האַנדלען מיט אידן! גיט מיר גוי׳אישע קאַסטאָמערס, גיט מיר! אַ גוים!...

צעשרייט זיך איין איד צווישן עולם:

— אַ נייער אַנטיסעמיט! גיב אים גוי׳אישע קאַסטאָמערס, גיב אים! פעטער, — שרייט ער אים גלייך אין פּנים אַריין, — פעטער, אויב איר ווילט האַנדלען מיט גוים, גייט אין די סאַלונס, גייט צו די דאָקס, אָדער אַז ניט עפּנט אַ חזיר־סטאָר! ס׳געהערט? ציצות, חרוסות און מזוזות וויל ער פאַרקויפן צו גוים! אידן געפעלן אים ניט!

רופט זיך אָפּ דער איד מיטן פאַרזשאַווערטן בערדל:

— הלוואַי, הערט איר, האָב איך די מזל׳דיקע יאָר וויפיל קוואָדערס איך לייז ביי גוים! צוגעקומען אַנומלטן אַן איטאַליענער, כ׳זאָל אים געבן אַ זומזוזה, פאַרשטייט איך ניט וואָס ער מיינט, דערקלערט ער מיר: ס׳איז אַזאַ טיקעט וואָס מ׳קלאַפּט אָן אויף דער טיר. „די שיבר פּיפּל", זאָגט ער, יוזן עס פאַר פּראָטעקשאָן, ס׳זאָלן זיך ניט אַריינכאַפּן קיין טראָבל־מייקערס און קינדנעפּערס ביינאַכט!...

— נעם איך, — שרייט דער איד, — אַ פּסול׳ע מזוזה און גיב אים און ער באַצאָלט מיר אַ קוואָדער. נו, פרעג איך אייך: דאַרף מען האַנד־לען מיט אידן?!

נאָר פּלוצים האָט זיך צום אידן גענומען צואוואַקלען אַ הויכער, היפּש־שיכור׳ער גוי. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט אַ קוואָדער און אים געהאַלטן אין האַנט. ער איז צוגעגאַנגען צום אידן, אַריינגעקוקט אין קוישל, געוואָלט געבן עפּעס צו לייזן, נאָר ניט געוואוסט וואָס צו קויפן. דער איד, דערזעענדיק דעם גוי, האָט אָנגעהויבן צו טרייבן דעם עולם, און געשריען:

— אידן, לאָזט צו אַ רעגעלען קאַקסטאָמער! אידן, כ׳דאַרף פּרנסה!...

דער גוי האָט אַלץ אַרומגעזוכט אין קוישל און מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן דעם אידן:

— העי, פּאָפּ, יו גאָט עי קאַלענדער?

— שור! — האָט דער איד געענטפערט און אים דערלאַנגט אַ איי־דישן לוח, אויף וועלכן ס׳איז פאַראַן אַ גוי׳אישער קאַלענדאַר אויך.

— ענד גיוו מי שולייסעס טו, — האָט דער גוי אים אָנגעוויזן.

הירש רייף

דער איד האָט אים איינגעפּאַקט דעם לוח און דאָס בינטל ציצות, וואָס דער גוי האָט געמיינט, אַז דאָס זיינען שולייסעס, אין אַ שטיקל פּאַפּיר און געזאָגט:

— טוואַני סענטס.

און אַז דער גוי האָט אים דערלאַנגט דעם קוואָדער און אים געזאָגט: — אַ קעי, פּאַפּ! קיפּ דהי טשענדזש! — האָט דער איד מיט גרויס טריאומף אויסגעשריגן:

— איר זעט, אידן! מיט גוים זאָל מען האַנדלען! ווייזט מיר איין אידן, וואָס זאָל מיר געבן 10 סענט פאַר אַ פּאַראַיאַריקן לוח?!

רופט זיך אָפּ אַ איד פון צווישן עולם:

— אַמעריקע גנב! אידן מאַכן גוים פאַר אַנטיסעמיטן, און גוים נעמען אַ אידן און מאַכן אים פאַר אַן אַנטיסעמיט!...

# תפילין-ביזנעס

אין אַ ספרים־געשעפט קומט אַריין אַ אידיש־אַמעריקאַנער בחור און גיט אַ זאָג אין ענגליש:

— ליסען, איר קענט מיר אפשר געבן אַ פּאָר „טאַפּילאַס"? אָבער די בעסטע! מיין סוויטהאַרט׳ס אָלד מען האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל ניט ווערן קיין אמת׳ער איד, וועט ער מיך ניט לאָזן חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער. לערן איך מיך דאַווענען און וויל קויפן אַ פּאָר „טאַפּילאַס"!

נעמט דער מאַן אַרויס אַ פּאָר תפילין און גיט אים. פרעגט דער בחור, אפשר האָט ער עפּעס אַן אַנדער קאָליר. ער האָט ניט ליב קיין שוואַרצע פאַרב. עס פּאַסט אים ניט צום פּנים. זאָגט דער מאַן, אַז מען מאַכט ניט איצט קיין אַנדער קאָליר תפילין. דאָס איז די לעצטע מאָדע. אַלע ראַבאַיס טראָגן איצט דעם קאָליר!...

— נו, אויב אַזוי, — זאָגט דער בחור, — וועל איך זיי נעמען. זייַנען כאָטש די סטראַפּס גוטע? — פרעגט דער בחור!...

נעמט דער מאַן און וויקלט פאַנאַנדער די תפילין און ווייזט אים, וואָס פאַר אַ שטאַרקע, לעדערנע סטראַפּס דאָס זיינען. אַז די תפילין זיינען שוין געווען פאַנאַנדערגעוויקלט, באַמערקט דער בחור, אַז עפּעס זיינען זיי ניט קיין גלייכע פּאָר — איינע (דער של־יד) האָט איין סטראַפּ מיט אַ ציליעוועקע, און די צווייטע (דער של־ראש) האָט עפּעס אַ קנופּ מיט צוויי סטראַפּס... ווערט דער בחור בייז און צעשרייט זיך:

— סעי, מיסטער, איך באַצאָל אייך דעם פולן פּרייז און איר גיט מיר דזשאַנק! איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך וויל אַ פּאָר טאַפּילאַס ניט איינעם אַזאַ און דעם צווייטן אַ פאַרקערטן!

זעט דאָך שוין דער איד מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, וויל ער אים דערקלערן, אַז אַזוי גייט אַ פּאָר תפילין, ווערט דער בחור נאָך מער אויפגערעגט און צעשרייט זיך:

— איך האָב פיינט, אַז מ׳בלאָפט מיך! כ׳האָב פיינט „מאַנקי־ביזנעס"! איך באַצאָל דעם פולן פּרייז און וויל קריגן פוירסט־קלעס סחורה! איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך וויל אַ פּאָר טאַפּילאַס, ניט איינעם אַזאַ און דעם צווייטן אַן אַנדערן! גיט מיר אַ פּאָר וואָס זאָלן מעטשן! אָט־דעם טאַפּילאַ, — ווייזט ער אָן אויפן של־יד, — וויל איך ניט! גיט מירביידע מיט צוויי סטראַפּס!...

זאָגט דער איד:

— אַז דו ווילסט דווקא מיט צוויי סטראַפּס, וועט דיך קאָסטן טאָפּל. ווייל איך וועל מוזן צענעמען צוויי סעטס . . .

זאָגט דער בחור:

— אָלרייט, איך וועל אייך באַצאָלן וויפיל אירווילט. איך וויל ניט, אַז דער „אָלד־מען" זאָל דענקען, אַז איך בין אַ גוי און ווייס גאָרניט וועגן דאַווענען און טאָפילאָס, און מיין סוויטהאַרט זאָל דענקען, אַז איך בין אַ „קאַיק", אַ סטינדזשי גאַי און קויף געדעמעדזשטע וואָרע! . . .

אַז דער בחור האָט באַצאָלט און איז אַ צופרידענער אַרויס פון סטאָר, רופט זיך אָפּ אַ איד מיט אַ גרויסער, ווייסער באָרד:

— מיסטער, איר קענט מיר אפשר געבן די צוויי של־יד'ן? איך וועל אייך געבן אַ פּאָר סענט פאַר זיי.

זאָגט דער ספרים־פאַרקויפער:

— וואָס הייסט איך וועל אייך אָוועקגעבן די צוויי של־יד'ן פאַר אַ פּאָר סענט? איך גיי שוין אַרויס פון ביזנעס?

זאָגט דער איד מיט דער באָרד:

— וואָס וועט איר טאָן מיט זיי:

קריגט ער אַזאַ ענטפער:

— וואָס הייסט וואָס איך וועל טאָן מיט זיי?! מאָרגן וועט אַריינקו־מען אַן אַנדער בחור, נאָך אַ גרעסערער למדן ווי יענער, וועט ער וועלן דווקא אַ פּאָר של־יד'ן! טאָ וואו, איך בעט אייך, וועל איך אים גיין נע־מען די סחורה?! איר שפּילט זיך מיט די אַמעריקאַנער תלמידי־חכמים!

# אַ טלית אין סאַבוויי

עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אין סאַבוויי אַ הויכע, ברייטע און זייער טונקעלע נעגערטע. אויפן קאָפּ טראָגט זי אַ ברייטן, ווייסן העט, מיט גרינע בלעטער און רויטע קאַרשן. פון די אויערן הענגען אַרונטער צוויי גרויסע, בלישצענדיקע רינגען. זי טראָגט אַ פּאָר שיך וואָס זייַנען גרין, מיט אַ זומערדיקן פּאַראַסאָל, אַ גרויסן, ברוינעם האַנט־בייטל און איבער די אַלע זאַכן טראָגט זי אַ גרויסן — טלית . . . אַן אמת'ן איירפּאַייאישן טלית, מיט אַ זילבערנער עטרה און פיר לאַנגע, כשר'ע ציצות . . .

אַלע פּאַסאַזשירן שטעלן אַן אויף איר די אויגן און מיינען, אַז דאָס איז זיכער אַ טיפּ פון די אָריענטאַלישע לענדער, אָדער פון עפּעס אַן אַנדערער מדינה, ווי אינדיע, אָדער אַפריקע . . . אָבער אַ מינוט שפּעטער פאַרגעסן זיי שוין און ווערן איינגעזונקען אין די צייטונגען . . .

די אידישע פּאַסאַזשירן ווייסן אָבער, אַז דאָס איז אַ אידישער טלית און קוקן זיך דורך מיט שמייכלענדיקע אויגן און וואונדערן זיך, ווי קומט צו אַ נעגערטע אַן אמת'ער אידישער טלית?!

לעבן מיר זיצט אַ איד, אַ דאַרער, מיט אַ קליין שיטער בערדל, וואָס האָט שוין ניט איינמאָל זיך גע'חבר'ט מיט אַ שערל. זיצט ער, דער איד, און קרעכצט, און אַז ער זעט ביי מיר אַ אידישע צייטונג, גיט ער אַ זיפץ:

— אַ חילול־השם! נו, ביי וועמען דאָס אַמעריקאַנער אידישקייט שטייט אין?! . . .

זאָג איך: — אפשר איז זי אַ אידישע? איר ווייסט דאָך, אַז ס'זייַנען פאַראַן שוואַרצע אידן אין אַמעריקע. זיי האָבן אַפילו אַן אייגענע שול.

זאָגט דער איד: — נו, אַז ס'זייַנען פאַראַן שוואַרצע אידן איז וואָס? זי איז דאָך אַן אשה! אַ חוץ דעם: אין סאַבוויי! . . .

זאָג איך: — איר ווייסט דאָך די אַמעריקאַנער ווייבער, זיי זייַנען געוואָרן פאָלגע מענער, טראָגן הויזן, רויכערן, שפּילן קאָרטן, אַרבעטן ביי דעפּענס און וואָס ניט? נו, טראָגט זי אַ מענערשן טלית!

דער איד איז אָבער ניט צופרידן מיט מיין דערקלערונג און זאָגט צו מיר:

— אפשר קענט איר זי פרעגן צי זי וואָלט פאַרקויפט דעם טלית? אַ פיינער טלית. איך וואָלט אים ביי איר אָפּגעקויפט.

## הירש ריי

גיי איך צו צו איר און פרעג זי:

— ליסן, לײדי, אפשר קענסטו מיר זאָגן וואו מ׳קריגט ערגעץ אַזאַ אָריגינעלע שאַל, ווי די וואָס דו טראָגסט אויף זיך?

זאָגט זי:

— אָ, ניין! אַזאַ שאַל קען מען אין אַמעריקע ניט קריגן! דאָס קומט פונעם אַמאָליקן רוסלאַנד. איך אַרבעט ביי אַ פרוי, האָט זי אַ אידישן מאַן, איז זיין אַלטער טאַטע לעצטע וואָך געשטאָרבן, האָט זי אַוועקגעשענקט אַלע זיינע ביכער, מיט די קליידער צו אַ פעדלער, האָט זי מיך געפרעגט, אפשר וויל איך די שאַל? די שאַל, זאָגט זי, איז אים איבערגעבליבן פון זיין פרוי, און זינט זי איז געשטאָרבן, פלעגט דער אַלטער מאַן אָנטאָן יעדן טאָג די שאַל, זיך שאָקלען און בעטן גאָט פאַר איר נשמה...

פרעג איך: — אפשר וואָלט זי געוואָלט די שאַל פאַרקויפן?

זאָגט זי:

— דזשיזוס קרייסט, נאָ! עס איז אַ מזל׳דיקע שאַל! צוליב דער שאַל קריגט זי אַ סך אַרבעט ביי אידן! אַ חוץ דעם איז עס אַ פרעזענט, און פיור וואָל!...

קרעכצט דער איד:

— אוי, ריבונו־של־עולם, ווי דיין אידישקייט ווערט פאַרשוואַרצט אין אַמעריקע!

# נאָר ערלעכע אַרבעטער וויל ער

אַז איך בין מיט יאָרן צוריק געקומען זוכן אַרבעט ביי מיין לאַנדס־מאַן עלי קאַרפּ, האָט ער מיר געהאַלטן אַ גאַנצע דרשה וועגן ערלעכקייט. ביי אים, — האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, — איז ניט אַזוי וויכטיק ווי גוט אַ מאַן אַרבעט, נאָר וויפיל מ׳קען זיך פאַרלאָזן אויף זיין ערלעכ־קייט, ווייל אין אונזער פאַך — ביי פאַרקעט פלאָרס — קומט אויס צו אַרבעטן אין מיליאָנערסקע הייזער, וואָס זיינען אָנגעשטאָפּט מיט טייערע קליידער, פאַרשיידענע אַנטיקן, און גאַנץ אָפט — ווערטפולע צירונג, און ס׳איז אַ געפאַר אַריינצולאָזן אַן אַרבעטער מיט לעפקע פינגער. נאָר אַזוי ווי ער האָט געקאַנט מיין טאַטן און די גאַנצע משפחה מיינע, פאַרלאָזט ער זיך אויף מיין ערלעכקייט און איך מעג קומען צו דער אַרבעט.

אַז איך האָב אָפּגעאַרבעט ביי אים אַ שטיקל צייט, האָב איך אויסגע־פונען פאַרוואָס ער זוכט נאָר ערלעכע אַרבעטער. פּשוט דערפאַר, ווייל ער אַליין איז געווען אַ גנב נאָך אין זיין מאַמע׳ס בויך און ער האָט געהאַלטן פונעם כלל, אַז אויב ס׳איז פאַראַן עפּעס צו לאַטכענען, קען ער זיך ניט פאַרלאָזן אויף אַן אַרבעטער, נאָר ער דאַרף אַליין מאַכן דעם דזשאַב . . .

מיר האָבן אַמאָל געאַרבעט אין זייער אַ רייכער הויז. ביים איבער־רוקן אַ שאַפע, האָט זיך די טיר געעפנט און מיר האָבן דערזען, אַז די שאַ־פע איז אינעווייניק אויסגעשטעלט מיט הונדערטער ראַזיר־מעסערס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אייגנטימער האָט אַ שאַוּוכקייט פון קלייבן ראַזיר־מעסערס. לעבן יעדן מעסער איז געלעגן אַ צעטעלע, מיט דער ביאָגראַפיע פון וואַנען דאָס קומט, וואָס פאַר אַ שטאָל, און דער יחוס. אַז עלי האָט דערזען (ער פלעגט מערסטנס זיין מיט אונז ביי דער אַרבעט) אַזוי פיל וואונדערבאַרע מעסערס, איז ער געבליבן געפּלעפט און געזאָגט:

— חברה, איר זאָלט ניט וואַגן אָנצורירן די מעסערס, ווייל טאָמער פעלט, חלילה, איין מעסער, קענען מיר אַלע גיין אין פּריזאָן.

אָבער אַ פּאָר שעה שפּעטער האָב איך באַמערקט, אַז ער נעמט אַרויס עטלעכע ראַזיר־מעסערס און לייגט זיי אַריין אין זיין אויבער־מאַנטל, וועל־כער הענגט אויף דער וואַנט. פאַרנאַכט האָב איך אַרויסגענומען די ראַ־זיר־מעסערס פון זיין קעשענע און זיי צוריק אַריינגעלייגט אין דער שאַפע אַריין. ווען מיר זיינען אַהיימגעגאַנגען, האָט ער, שוין אין גאַס, גענומען זוכן אין אַלע קעשענעס און מיט פאַרצווייפלונג דערזען, אַז זיי זיינען ליי־

דיק. איז ער געוואָרן ווייס און בייז און גענומען שרייען:

— אַז איך אַרבעט מיט אַ באַנדע גנבים, וואָס קענען ביי יענעם אַרויס׳גנב׳ענען די אויגן פונעם קאָפּ!...

איינמאָל, אין מיטן דער אַרבעט, איז ביי מיר פאַרשוואונדן געוואָרן דער האַמער פון אונטער די הענט. דער צימער איז געווען אַ ליידיקער, און אַ חוץ איך און עלי איז דאָרט קיינער ניט געווען. איך הייב אָן זוכן און שרייען: גוואַלד, אַזאַ רעטעניש! וואו האָט געקאָנט אַהינקומען דער האַמער?! עלי העלפט מיר זוכן און וואונדערט זיך אויך אויף דער רע־טעניש. אָבער פאַרפאַלן, ניטאָ דער האַמער.

גיי איך שוין אַ פאַרביטערטער אַהיים, פאַרליר אַ האַלבן טאָג אַר־בעט, קויף אַ נייעם האַמער און גיי צוריק צו דער אַרבעט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער קומט עלי אויפן דזשאַב און זאָגט:

— הערי, ווילסט אפשר קויפן אַ גוטן האַמער? איך האָב עטלעכע האַמערס, און דו דאַרפסט האָבן עטלעכע האַמערס, ווייל טאָמער פאַרליר־סטו איינעם, זאָלסטו ניט דאַרפן פּטר׳ן אַ האַלבן טאָג.

איך גיב אַ קוק — אַ האַמער מיט אַ ניי הענטל, אָבער איך דערפיל אין דער וואג, אַז ס׳איז מיין האַמער. פּאַסט דאָך מיר ניט צו זאָגן, אַז ער האָט ביי מיר צוגע׳גנב׳עט דעם האַמער, זאָג איך:

— איר ווייסט, מיסטער קאַרפּ? האַלטנדיק דעם האַמער אין האַנט, דערמאָנט ער מיך אין מיין פאַרלאָרענעם האַמער.

פאַרגעסט ער זיך און זאָגט:

— און דאָס וואָס כ׳האָב צוגעמאַכט אַ ניי הענטל, איז גאָרניט?...

אַמאָל האָבן מיר געאַרבעט אויף אַ נייער געביידע און עלי האָט מיט זיין פערד־און־וואָגן געבראַכט האָלץ אויפן דזשאַב. אַז מיר האָבן אַראָפּגענומען ס׳האָלץ פונעם וואָגן, זאָגט צו מיר עלי, אַז איך זאָל אים העלפן אַרויפליייגן אַ וואַש־טאָב אויפן וואָגן. אַז דער וואַש־טאָב איז שוין געלעגן אויפן וואָגן, גייט פאַרביי דער פּלאָמבער און זאָגט:

— מיסטער קאַרפּ, וואָס טוט זיך דאָ מיט אייך? וואָס נעמט איר עפּעס צו מיין וואַש־טאָב?

גיט עלי אַ קוק אויף אים און זאָגט:

— נו, אַבי איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז האָלץ. צום סוף איז עס גאָר אַ וואַש־טאָב! אַזאַ זאַך זאָל זיך מיט מיר טרעפן! אוי, הערי, הערי! אַפּנים, אַז מ׳ווערט עלטער. איך האָב מורא, אַז איך וועל מוזן אָנהויבן טראָגן ברילן...

## לחיים אידן

איינמאָל האָט עלי געמאַכט אַ שמחה ביי זיך אין הויז (אַן אייגענע פּריוואַטע הויז). צו דער שמחה האָט ער איינגעלאַדן אויך אונז, אַרבע־טער. אַז מיר זיינען אַריין אין הויז, האָבן מיר דערזען אַ גאַנצן מוזעאום מיט אַנטיקן. מיסעס קאַרפּ, אַ פיינע באַלעבאָטישע כשר'ע אידישע טאָכ־טער, האָט אַרומגעפירט די געסט איבער די צימערן, געוויזן אַלעמען די וואונדערבאַרע אַנטיקן און דערקלערט, אַז די וואַזע קומט פון דער פּאַ־ריזער אויסשטעלונג; דער זייגער קומט פון ווין; דער ראָג קומט פון כינע, אַנדערע זאַכן קומען פון אינדיע און פון אַלע עקן וועלט. און אָט־די אַלע זאַכן, — האָט זי געזאָגט, — האָט עלי געקראָגן מתנות פון זיי־נע קונדן, ווען זיי זיינען געקומען פון פאַרשיידענע רייזעס איבער דער וועלט. (אַזוי האָט עלי איר דערציילט). און דאָס האָט מען אים געבראַכט, ערשטנס, פאַר זיין גוטער אַרבעט און, צווייטנס, ווייל ער באַשעפטיקט נאָר ערלעכע אַרבעטער, וועלכע מ'קען געטרויען ס'הויז.

אַז מיר האָבן זיך דערכאַפּט ס'האַרץ, פאַרטרונקען מיט עטלעכע שנעפּסלעך, האָט עלי, אַ האַלב־פאַרשנאָשקעטער, געטרונקען צו די געסט לחיים און געהאַלטן כמעט אַ „ספּיטש", און אַנווייזנדיק אויף אונז אַר־בעטער און אויף די שיינע זאַכן פון הויז, האָט ער פאַרענדיקט:

— איר זעט אָט־די אַלע שיינע זאַכן? דאָס האָב איך צו פאַרדאַנ־קען מיינע אַרבעטער פאַר זייער ערלעכקייט! דאָס זיינען אַלץ מיינע לאַנדסלייט, טאַטעס קינדער, און מ'קען זיי געטרויען אַ הויז מיט גאָלד. צוליב זיי האָב איך דאָס געקראָגן אָט־די אַלע מתנות! מ'זאָגט, אַז אַמע־ריקע איז לויטער בלאָף, און איך זאָג, אַז ערלעכקייט באַצאָלט זיך אפילו אין אַמעריקע. ניט אמת, באָיס?

און מיר האָבן אַלע אויסגעשריען:

— אמת, מיסטער קאַרפּ!

און מיסעס קאַרפּ האָט אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע, אונז געטיילט פיינעם אימפּאָרטירטן ווין און קאָסטבאַרע גלעזער, וואָס עלי האָט זיך גע־נומען אַ מתנה אין אַ הויז אויף ריווערסאַיד דראַיוו.

# פריינט און שותפים

דייוו און לואי, צוויי אַלטע חברים, וואָסביידע צוזאַמען טראָגן זיי זיך אַרום מיט גאַנצע הונדערט יאָר און אַז איר וועט זיי געבן אַ גוטן קוועטש, וועט איר פון זיי אַרויסקוועטשן נאָך עטלעכע יאָר. זיינען אַט־די בחורים אַזוי צוזאַמענגעקניפּט און געבונדן, אַז ווען מ'זעט אַמאָל אין גאַס איינעם פון זיי אַליין, פרעגט מען באַלד וואו דער צווייטער איז.

ניט נאָר גייען זיי ניט אַ טריט איינער אָן דעם צווייטן, נאָר שוין פון יאָרן לאַנג ווי זיי וואוינען אין איין צימער, חבר'ן זיך מיט די זעלבע פריינט, קליידן זיך מיטן זעלבן געשמאַק, גייען צו די זעלבע אונטער־האַלטונגען אַזוי, אַז גאָט און לייט זיינען זיי מקנא פאַר זייער טריישאַפט און צוגעבונדנקייט איינער צום צווייטן.

און אַט אַזוי ציט זיך דאָס שוין יאָרן, ווי די צוויי אַלטע בחורים נאַרן די וועלט און אויך איינער דעם צווייטן און זיך אַליין אויך . . .

ווייל דער אמת'ער איז, אַז זיי האַלטן זיך צוזאַמען צוליב אַ גאַנץ פּראַקטישער און פּשוט'ער אורזאַך. צוליב עקאָנאָמיע! . . . אין פּשוט'ן אידיש וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז זיי זיינען פּשוט'ע קמצנים. נאָר דאָס סאַמע פּאַסיקסטע וואָרט וואָלט געווען, אַז זיי זיינען גרויסע שנאָרערס; ווייל ניט נאָר האָבן זיי זיך ניט אַזוי שטאַרק ליב, נאָר פאַרקערט, זיי פילן זיך ווי אַ שווערע לאַסט איינער אויפן צווייטן און מ'קען זאָגן, אַז זיי האָבן זיך גאַנץ היפּש פיינט!

אָבער וואָס קען מען זיך העלפן? אַז וואוינען צוזאַמען קאָסט פּאַרט ביליקער דירה־געלט; צווייטנס, עסט מען צוזאַמען און ס'גייט גאָרניט אין ניוועץ. מ'בייט זיך מיט די צייטונגען, אַ סך מאָל העלפט מען זיך אַרויס מיט די קליידער, מ'בייט זיך מיט די שניפּסן, מ'קויפט אַלעס אין „האָלסעיל", און כדי אַלץ זאָל דורכגיין אין האַרמאָניע, טראַכט מען שוין אין די זעלבע טערמינען און מ'שטיצט ניט די זעלבע אינסטיטוציעס; און ביידע זיינען פּרינציפּיעל קעגן געבן „טיפּס", קעגן טשאַריטי אין אַל־געמיין און קעגן אַלע די וואָס גייען אַרום און רייסן שטיקער פון אָרעמע מענטשן.

דאַרפט איר מער, טאָמער מאַכט זיך אַמאָל אַ מיידל, אָדער אַ ווייבל אויף אויסצוגיין אָן אָוונט, גייט מען אויך צוזאַמען. און איינגעפירט איז ביי זיי, אַז איינער איז אַלע מאָל דער פינאַנסיר. ס'מאַכט אַ בעסערן איינדרוק. ס'מאַכט דעם איינדרוק, אַז ביידע זיינען ספּאָרטס און מ'רעכנט

זיך ניט מיט אַזעלכע קליניקייטן; צווייטס, איז עס אַ סגולה קעגן אַריינ־פאַלן אין אַ חתונה־נעץ. מער פעלט זיי ניט, נאָר איינער זאָל חתונה האָבן און דאַרפן אויסהאַלטן אַ ווייב מיט אַ הויז וואָס קענען אָפּעסן די ביינער! ניט נאָר וואָלט דאָס געווען אַ טראַגעדיע פאַר דעם וואָס וואָלט אַריינגעפאַלן, נאָר דער איבערגעבליבענער וואָלט אויך געבליבן ווי אויפן וואַסער מיט אַ לאָך אין האַרצן און נאָך אַ גרעסערן לאָך — אין קעשענע... אָבער אַז איינער איז דער פינאַנסיר, בלייבט שוין די לעידי, מיט וועלכער מ'גייט אויס, אַ צעטומלטע און קען זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן אינעם פּלאָנ־טער, און די צוויי בלייבן צוריק אַלטע בחורים! . . .

בשעת מ'גייט אויס צוזאַמען, פּרואוון ביידע בחורים אַרויסקריגן פון דער דאַמע וויפיל ליבע און אויפמערקזאַמקייט ס'לאָזט זיך נאָר. אין גאַס האַלט זי איינער ביי איין אָרעם און דער צווייטער — ביים צווייטן אָרעם. ביי אַ טאַנץ, איז איין טאַנץ מיט איינעם און דעם צווייטן — מיטן אַנדערן. אין די מואווים, האַלט איינער איין האַנט און דער צווייטער — די צוויי־טע. און אַז עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ דאַמע לאָזט זיך אַ קוש טאָן, דער־קלערן זיי איר, האַלב אויף שפּאַס, אַז זיי האָבן צווישן זיך אַן אָפּמאַך, אַז איינער קושט אַלעמאָל די באַק אויף דער „וועסט־סאַיד" און דער צוויי־טער קושט נאָר די באַק אויף דער „איסט־סאַיד". און טאָמער געלינגט עס איינעם צו קושן אַ דאַמע אין סאַמע מיטן פּנים, הייסט עס, אַז ער האָט זי געקושט אויף „פּינפטע עוועניו". און טאָמער גיט איינער אַמאָל אַ פּאָר קושן מער ווי דער צווייטער, מאַכן זיי אויך ניט קיין גרויסן צימעס דערפון. אָבער ווען מ'קומט אַהיים, זעצט מען זיך אַוועק מיט אַ בליי־שטיפט און פּאַפּיר און מ'רעכנט אויס ביז אַ פּעני וואָס מ'האָט אויסגע־געבן, און אַלעס מוז שטימען. און טאָמער איז ערגעץ פאַראַן אַ טעות, רעכנט מען נאָכאַמאָל און מ'צעטיילט עס פּונקט אויף האַלב.

אָבער, ווי זאָגט מיין איירישער דזשעניטאָר: „סוף גנב לתליה". ס'האָט זיך געפונען אַ גרושה, וואָס האָט זיך דורך אַ זייטיקער טיר אַריינ־גע'גנב'עט צו דייווו'ן אין האַרצן, דאָרט אַנגעמאַכט אַ חורבן און דאָרט אויסגעבויערט אַ לאָך — ביז צו דער קעשענע. און דייווו האָט צו זיין גרויסן אומגליק און קעגן זיין הייליקן פּרינציפּ זיך געטראָפן מיט איר אין געהיים, אָן לואי'ן, און אַריינגעבראָקט אין דער גרושה עטלעכע דאָ־לער אויף זיין אייגענעם חשבון, אָן לואי'ן. און די לאַגע האָט געהאַלטן ביים דעמאָראַליזירט ווערן. און ער האָט זיך דערשראָקן, אַז ער זאָל ניט פאַרלירן אי זיין פריינט לואי'ן, אי זיינע פּאָר דאָלער וואָס ער האָט אַזוי

לייכטזיניק פאַרטאַכלעוועט אויף דער גרושה. און כדי אַרויסצוקריכן פו־נעם גרויסן פלאַנטער, האָט ער באַשלאָסן דאָס ערגסטע: ער וועט חתונה האָבן מיט דער גרושה. עלעהיי איינער באַגייט זעלבסטמאָרד.

אַז לואי האָט דערהערט פונעם גרויסן בראָך, אַז דייוו גייט חתונה האָבן, האָט ער געברענט ווי אַ פייער. שיער ניט געהאַלטן דייוו'ן פאַר אַ פאַררעטער. געזאָגט אים מוסר און אים אָפּגעמאָלן אַ פינצטערער בילד פון אַ פאַרהייראַטן מאַן. געמאַכט אים אַ חשבון פון די אויסגאַבן, אַזוי אַז דייוו'ן האָט באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס. האָט אויך אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן זיך, אַז ער וועט איצט בלייבן איינער אַליין אינעם צימער. זיינע אויסגאַבן וועלן זיך פאַרגרעסערן — אַלץ צוליב עפּעס אַ פרעמדער ווייבל. און אַזוי האָבן ביידע אָנגעהויבן צו סימפּאַטיזירן איינער מיטן צווייטן, ביז ס'איז געבליבן זיך דורכצורעדן מיט דער גרושה, אַז נאָך דער חתונה זאָלן אַלע דריי וואוינען צוזאַמען און דאָס דירה־געלט, עסן, הויז־האַלטן זאָל צעטיילט ווערן אויף דריי חלקים. וואָס זאָל מען טאָן, אַז מ'איז אַריינגע־פאַלן? ער פילט זיך ווי אַ שותף צום גרויסן בראָך! . . .

און אָט איז שוין נאָך דער חתונה און אַלע דריי וואוינען שוין צוזאַ־מען און די וועלט — די נאַרישע וועלט — גאַפּט ווידער פון דער הייסער ליבע און פריינטשאַפט פון די צוויי אייביקע פריינט.

אָבער די יונגע ווייבל האָט, אַפּנים, פאַרגעסן, אַז זי האָט חתונה גע־האַט מיט דייוו'ן אַליין . און לואי'ן, פון זיין זייט, איז אויך געפעלן גע־ווען די שותפות'דיקע פאַרזעצונג פון זייער בחור'שן לעבן, און אַלע האָבן אויסגעזען צו זיין צופרידן. ביז איין אַ שיינעם, פינצטערן טאָג, איז דייוו אַהיימגעקומען און געטראָפן לואי'ן מיט זיין ווייבל אין אַ פּאָזיציע, וואָס האָט געוויזן, אַז לואי האַלט זיך פאַר אַ פולשטענדיקן שותף ניט נאָר צום הויז מיטן דירה־געלט, נאָר אויך — צום ווייבל.

איז געוואָרן אַ פריינטלעכער סקאַנדאַל. ביי אַנדערע וואָלט עס גע־קומען צו פּעטש אָדער צו אַ שיסעריי, אָבער ניט ביי אַזעלכע צוויי הייסע פריינט ווי דייוו און לואי. ביי זיי, האָט דייוו איינגעזען, אַז ס'איז אַ גאָט זאַך — די מענטשן האָבן זיך ליב און ס'איז פאַרפאַלן. האָט ער באַשלאָסן אָפּצו'גט'ן דאָס ווייבל, און דער צווייטער זאָל מיט איר חתונה האָבן, מיט איין באַדינג: מ'זאָל אים ניט לאָזן אויפן וואַסער, ווייל וואו וועט ער איצט גיין זוכן אַ צימער?

און ס'איז געבליבן, אַז נאָכן גט און נאָך דער חתונה זאָלן זיי ווידער בלייבן וואוינען אַלע דריי צוזאַמען, ווי עס פּאַסט פאַר אמת'ע, האַרציקע און איבערגעגעבענע פריינט! . . .

# אַ טרייסטער פון אַלמנות

בעני פיש איז אַן אַלטער בחור צוליב צוויי פאַרשיידענע אורזאַכן. אויב ער געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט צווישן לויטער מענער, גיט ער אָן די אמת'ע אורזאַך, וואָס קען פאַרמולירט ווערן אָט אַזוי:

ער קען בשום־אופן ביי זיך ניט פועל'ן, אַז עפּעס אַ פרעמד מיידל זאָל זיך אַריינרייסן אין זיין פריוואַטן לעבן, צונעמען ביי אים אי זיין פריי־הייט, אי זיין געלט. ער, בעני, דער שיינער, העלדישער בחור, פאַר ווע־מען פרויען פאַלן ווי די בלעטער אין האַרבסט, וועט מוזן זיין צוגעבונדן צו עפּעס אַ ווייבל, וואָס וועט מיטאַמאָל זיך נעמען רופן מיט זיין נאָמען. ער וועט איר מוזן אָפּגעבן חשבון וויפיל ער פאַרדינט, וואו ער גייט, ווען ער וועט אַהיימקומען און מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט; בקיצור, ער וועט פאַרלירן זיין אינדיווידואַליטעט און מוזן ווערן אַ געהאַרכזאַם שיק־אינגל פאַר עפּעס אַ ווייבל. הכלל, ס'טויג נישט!

אָבער אַז זיינע פריינט פרעגן אים: בעני, ביזט דאָך אָבער עלנט ווי אַ שטיין. וואָס וועט זיין דער סוף? ווי לאַנג וועסטו נאָך קענען אַרומ־פליען ווי אַ בין און איבעראַל אַ לעק טאָן פונעם דופט פון פרעמדע בלו־מען? אויף דעם האָט בעני אַ גאַנצן ים מיט אַרגומענטן, ווערטלעך פון גרויסע דענקער און אַפּאָריזמען פון פאַרשיידענע ציניקער, און דאָס איז זיין געווער מיט וועלכן ער פאַרטיידיקט זיך. איינער פון זיינע באַליבטע ווערטלעך איז:

— אַ מענטש דאַרף האָבן אַן אייגענעם אויטאָמאָביל און אַ פרעמדע ווייב . . . אָדער: דאָס פאַרהייראַטע לעבן איז ווי אַ באַלאַגערטע פעס־טונג. די וואָס שטייען אין דרויסן ווילן אַריין, און די פון אינעווייניק ווילן אַרויס! . . .

און נאָך אַזעלכע ווערטלעך . . .

נאָר פונדעסטוועגן איז בעני, חלילה, ניט קיין פרויען־האַסער. פאַר־קערט, אַז בעני דערזעט אַ שיין ווייבל (מיידלעך מיידט ער אויס . . .), הויבן ביי אים אָן די אויגן גלאַנצן און ער כאַפּט אַרויס זיין קעמעלע און פאַרט דערמיט אַרום איבער די עטלעכע האָר, וואָס זיינען ביי אים נאָך פאַרבליבן פון די יונגע יאָרן, און ער שטעלט באַלד אַוועק דעם שניפּס אויפן ריכטיקן אָרט און ער רוט שוין ניט ביז ער האַלט דאָס ווייבל אין זיינע אָרעמס, און אַז דאָס ווייבל נעמט זיך ווערן און שרייט, „סטאָפּט"! בעני, זייט ניט אַזוי ווילד! ס'וואָלט שוין צייט געווען איר זאָלט חתונה

## הירש רייף

האָבן און אויפהערן זיך צו טשעפּען צו פרעמדע ווייבלעך — דעמאָלט גיט בעני אַ קרעכץ און זאָגט:

— חתונה האָבן? מיט וועמען? הלוואי מאַכט זיך עפּעס, אוי וואָלט איך חתונה געהאַט!

— וואָס הייסט מיט וועמען? ווינציק מיידלעך דרייען זיך אַרום און קוקן אויס די אויגן אויף אַזאַ בחור?! איך וועל אייך געבן צען מיידלעך פאַר איינער! ווילט נאָר, ברענג איך זיי אייך שוין מאָרגן!

דעמאָלט ווערט שוין בעני טויט ערנסט, נעמט אַרום דאָס ווייבל, קוקט איר טיף אין די אויגן און קרעכצט:

— איר דערציילט מיר, אַז ס'זיינען פאַראַן מיידלעך וואָס זוכן אַ חתן! אוודאי ווייס איך. אָבער, — קרעכצט בעני ווייטער, — אָבער, וואָס קומט אַרויס, אַז גראָד די, וועלכע איז מיר צום האַרצן, איז שוין פאַרנומען! אַזוי איז שוין די וועלט. ניטאָ קיין מזל.

ווערט שוין דאָס ווייבל בייגעריק און פרעגט בעני'ן וואָס ער מיינט. גיט בעני נאָך אַ גרעסערן קרעכץ און מיט די סאַמע פּשוט'סטע ווערטער גיט ער אַ זאָג:

— וואָס איך מיין? איך מיין, אַז מיט אַזאַ זיס און געשמאַק ווייבל ווי איר זייט, און טאַקע באַר מיט אייך, וואָלט איך אפילו מאָרגן געגאַנגען צו דער חופּה. אָבער וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן, אַז ס'איז ניט באַשערט!

נאָך אַזאַ סצענע, מאַכט זיך שוין דאָס ווייבל צורעכט די האָר און שמירט זיך אָן די ליפּן און גיט אַ טיפן זיפץ איוף בעני'ס מזל, און אין אַ ווינקעלע, ביי דעם ווייבל אין האַרצן, בלייבט איבער אַ ליבעס־פינטעלע וואָס טליעט דאָרט . . .

אַזעלכע און ענלעכע סצענעס האָט בעני אין זיין לעבן פאַרזייט אין די צענדליקער און ביי אַלע באַקאַנטע ווייבלעך איבערגעלאָזט אַ ליבעס־פינטעלע, וואָס האָט דאָרט געטליעט ווי אַ פייער־פונק . . .

די לעצטע צייט האָט זיך אויסגעגאָסן גאָט'ס צאָרן אויף בעני'ס באַקאַנטע — איינס נאָך איינס פאַלן די מענער ווי זאַנגען נאָך אַ שטורעם. עס גייט ניט אַוועק קיין וואָך, אַז בעני זאָל ניט נאָכגיין נאָך אַ באַקאַנטנס לוויה, אַזוי אַז בעני פילט זיך ווי אַ שטיקל „פאַררעטער", פאַרוואָס ער דרייט זיך נאָך אַרום אַ לעבעדיקער . . .

און פון יעדער לוויה, פון וועלכער בעני קומט צוריק, בלייבט איבער אַן אַלמנה, און יעדע אַלמנה דאַרף מען מנחם־אָבל זיין, טרייסטן זי, גלעטן זי איבערן שטערן. און בעני, אַלס אַן אמת'ער דזשענטלמאַן, טוט זיין פליכט. ער גייט און טרייסט, פילט־מיט דעם צער. און דער צער איז

אַזוי גרויס, אַז וויניקסטנס פּאַר עטלעכע מאָנאַטן רעדן די אַלמנה׳ס פון קיין שום אַנדער זאַך ניט ווי נאָר פון די מעלות פונעם פאַרשטאָרבענעם מאַן. און בעני גייט אַרום אַ פאַרצווייפלטער. ער געדענקט גאַנץ גוט די אַלע גוטע ליבעס־ווערטער, וועלכע ער האָט אַ באַגייסטערטער אַריינגע־רעדט אין די ווייבלעך בשעת די מענער זייערע האָבן נאָך געלעבט, און ער איז זיכער, אַז זיי — די ווייבלעך — געדענקען עס אויך גוט. און ער ציטערט פאַר דער מינוט, ווען די ווייבלעך וועלן זיך אויסטשוכען און וועלן אים דערמאָנען אָן זיינע רייד . . .

אַ גליק איז נאָר וואָס עס רוקן זיך אַלעמאָל אונטער נייע אַלמנות, און ער מוז ביסלעכוויז פאַרנאַכלעסיקן די פריערדיקע אַלמנות, כדי צו טרייסטן די פרישע. און אַזוי האָט זיך בעני די לעצטע צייט ספּעציאַלי־זירט אויף אַ נייעם געביט: ער איז געוואָרן אַ ספּעציאַליסט אָן אַלמנה־טרייסטער. ער טרייסט זיי, ער לאַשטשעט זיי, ער נעמט זיי אין טעאַטער, אין די מואוויס, אין פּאַרק אָדער צום ים פאַר צעשטרייאונג, און ס׳איז אים אַזוי גוט אין זיין נייער ראָלע אַלס אַ טרייסטער פון אָרעמע אַלמנות נעבעך! . . . און אַלץ וואָלט גוט געווען, ווען ס׳מישט זיך ניט אַריין דער שטן און צעשטערט אַלץ! . . .

ס׳איז געשטאָרבן לעצטנס בעני׳ס אַ זייער נאָענטער פריינט, אין וועמענס הויז בעני איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער און זיך געפילט דאָרט זייער היימיש. די שיינע ווייבל פלעגט בעני׳ן אַלעמאָל אויפנעמען ווי אַ געווינטשטן גאַסט, און בעני איז טאַקע געווען באַגייסטערט פאַר איר, און אפשר צענדליקע מאָל איר אַריינגעשושקעט אין די אויערן זיין באַ־רימטן פּסוק, אַז נאָר מיט איר וואָלט ער חתונה געהאַט. און דאָס ווייבל האָט אים געגלויבט, ווייל זי האָט אים געוואָלט גלויבן, ווייל זי איז ניט געווען גלייכגילטיק צו אים, נאָר זי האָט עס דערשטיקט אָין זיך.

אָבער באַלד, אַ פּאָר וואָכן נאָך דער לוויה, בשעת בעני האָט זי גע־האַלטן אין טרייסטן, איז די פרישע אַלמנה אים אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס און געכליפּעט:

— בעני, נעמט מיך און טוט מיט מיר וואָס איר ווילט! איך ווייס דאָך ווי ליב איר האָט מיך, און איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז פּונקט אַזוי האָב איך אייך ליב און — —

בעני האָט אַרומגענומען דאָס ווייבל, פאַרמאַכט די אויגן און דערזען פאַר זיך אַ טיפן תהום, אין וועלכן ס׳ליגט זיין פרייהייט, זיין פרייער, בחור׳שער לעבן, וועלכן ער האָט אַ גאַנצן לעבן אַזוי ליב געהאַט און גע־צערטלט, און מיטאַמאָל האָט ער דערזען דעם סוף פון זיין נייער ראָלע אַלס טרייסטער פון אַלמנות . . .

# מיין גרויסער דערפּאַלג

זינט איך בין געוואָרן אַ שרייבער, לאָדט מען מיך איין צו פאַרשיי־דענע שמחות און אונטערנעמונגען אַז איך זאָל פאָרלייענען מיינע ווערק.

קיין רעגעלע איינלאַדונגען, ווי למשל, אַ בריוו, אַ טעלעפאָן־רוף, קריג איך ניט. אַז איך גיי אין גאַס, באַגעגנט מיך אַ באַקאַנטער, אָדער אַ לאַנדסמאַן, גיט ער צו מיר אַ געשריי פון דער ווייטנס (אַמאָל מיט אַ פייף):

— סעי, דיך האָב איך טאַקע געוואָלט זען. כ׳האָב, — זאָגט ער, — אַ סך מאָל געטראַכט וועגן דיר, אַז מ׳וואָלט דיך אַמאָל געדאַרפט איינ־לאַדן צו אונזער אַן אונטערנעמונג. גיין דיר שרייבן אָדער אָפּרופן איז עפּעס ניטאָ די צייט דערפאַר און ס׳ליגט ניט אין קאָפּ דאָס צו טאָן. אָבער אַז איך האָב דיך שוין באַגעגנט, איז מיר איינגעפאַלן אַז מ׳דאַרף דיר אַמאָל געבן אַ שאָו! נאָך אַלעמען ביזטו דאָך אונזער לאַנדסמאַן, איז פאַרוואָס ניט?

נעם איך שטאַמלען, ווער רויט און זאָג מיין באַקאַנטן, אַז איך ווייס ניט פאַרוואָס עס קומט מיר צוצוטיילן אַזאַ גרויסן כבוד, אַז איך זאָל ביי זיי אויפטרעטן. נאָך אַלעמען, זיינען פאַראַן אַ סך בעסערע שרייבער פון מיר און מ׳דאַרף זיי געבן אַ שאָו. און וואָס אַנבאַלאַנגט פאָרלייענען, אויף דעם בין איך גאָר אַ שלימאַזל. ערשטנס, לייד איך פון בינע־פיבער; צווייטנס, מוז איך לייענען פון אַ מאַנוסקריפּט און דאַרף מישן די בלעט־לעך און דער עולם דאַרף וואַרטן, און אַ סך מאָל פאַרדריי איך אַ בלעטל און ס׳ווערט אַ גאַנצער פּלאָנטער, און דער עולם צעלאַכט זיך, און מיך באַגיסט אַ קאַלטער שווייס. אַ סך מאָל שרייט מען: „סיט דאַון!" און טאָמער פאַרגעס איך די ברילן, איז גאָר ביטער. הכלל, איך דערצייל דעם אמת און בעט מ׳זאָל מיך באַפרייען. אָבער מיין באַקאַנטער לאָזט ניט אָפּ און זאָגט:

— ליסן, — זאָגט ער, — אַלץ וואָס דו זאָגסט איז טאַקע אמת. מיר ווייסן דאָס. אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן? דו ווייסט דאָך, אַז אונזער סאָ־סייעטי איז זייער אָרעם. מיר וואָלטן אַוודאי געוואָלט איינלאַדן אַ רע־געלן שרייבער אָדער פאָרלייענער, אָבער אַזאַ איינעם דאַרף מען דאָך באַ־צאָלן. אַ חוץ דעם, דאַרף מען אים אַדווערטאַיזן, און ס׳טרייבט אַריין אין געלט. אָבער מיט דיר וועט זיין היימלעכער. ס׳וועט ניט קאָסטן קיין געלט און דו וועסט קריגן ביי אונז כבוד און וועסט ווערן פּאָפּולער. פאָלג

מיך, קום צוגיין. פאַרשרייב דיר דעם דאַטום, און קום פּרי, אַכט אַזייגער.

זע איך דאָך, אַז דאָס רעדט צו מיר אַ פריינט, און אַזוי ווי קיין חכמות פאַרשטיי איך ניט, נעם איך און קום אין צייט . . .

איינמאָל, אַריינקומענדיק אין אַזאַ זאַל אַכט אַזייגער, זיצן עטלעכע אידן און שפּילן אין קאָרטן. פרעגט מיך איינער וועמען איך זוך דאָ. זאָג איך, אַז איך בין געקומען צו דער אונטערנעמונג. זאָגט ער:

— זייער פיין. ס׳איז אַפילו נאָך אַביסל צו־פרי, אָבער איך וועל אייך דערווייל פאַרקויפן אַ טיקעט, וועט איר פאַרשפּאָרן שפּעטער שטיין אין לאַין.

און ער גיט מיר אַ בילעט און הייסט מיר באַצאָלן אַ דאָלער, און פרעגט מיך, אפשר וויל איך נעמען אַ האַנט אין פינאָקל, ווייל דער מי־טינג וועט זיך אָנהויבן אַרום צען־עלף אַזייגער.

— און ווען, — פרעג איך, — וועט פאַרקומען דער קאָנצערט ? איר האָט דאָך אַרויסגעשיקט בריוו, אַז דער שרייבער הירש רייף וועט דאָ פאָרלייענען פון זיינע ווערק.

— באַ ! — לאַכט ער, — דאָס איז אַזאַ מין טריק פון אונזער סעק־רעטאַר. ער אַליין „קלאַמירט״ אַלע מאָל, מיינט ער אַז אונזערע מעמבערס וועלן זיך צעקראַצן דעם ספּאָדעק אַז ער וועט ברענגען אַ שרייבער. אונ־זערע מעמבערס זיינען אָבער ניט קיין יאָלדן. אַז זיי הערן, מ׳ברענגט אַ שרייבער, וועט מסתמא דאָ זיין היינט אַ ליידיקער האָל ! זיי האָבן פיינט אַז מ׳נודיעט זיי ! זיי האָבן ליב צו פאַרברענגען אַ „גייסטלעכן״ אָוונט. מען טרינקט אַ שנעפּסל, מ׳פאַרבייסט מיט שטרודל, מיט מאַרענירטע הערינג, מען מאַכט אַ קערטל. מיר זיינען ניט קיין אַלטמאָדישע סאָסייע־טי, וואו מ׳רעדט און מ׳לייענט אַז מען קען פאַלן אין חלשות ! . . .

— אויב אַזוי, — זאָג איך, גיט־זשע מיר אָפּ דעם דאָלער, ווייל וואָס טו איך אַז הירש רייף וועט דאָ קומען און איך וועל מוזן זיצן און אויס־הערן זיין לייענען ?

— זייט ניט, — זאָגט ער, — קיין יאָלד ! ער, דער הירש רייף, וועט אַזוי היינט דאָ לייענען, ווי מיר וועט וואַקסן האָר אויף דער צונג. מיר האָבן שוין אַ ספּאָסאָב ווי אַזוי אונזערע טאַלאַנטן זאָלן ניט אויפטרעטן.

— וואָס, — פרעג איך אים, — איז אייער ספּאָסאָב ?

— וועל, — ציילט ער די ווערטער, — דער סיסטעם איז פאַרשיידן. אויב ס׳איז אַ פידל־שפּילער, גנב׳עט אונזער קאָמיטע ביי אים צו דעם פידל . . . אויב אַ רעדנער, שטעלן מיר אים אַוועק אַ פּיטשער קאַכעדיק וואַסער און ער בריט זיך אָפּ די צונג. און אויב אַ שרייבער, גנב׳ענען מיר

## הירש רייף

ביי אים צו דעם בוך און ביז ער געפינט אים, איז שוין דער האָל אַ ליי־דיקער.

— איך האָב אָבער, — זאָג איך, — געהערט, אַז דער הירש רייף לייענט אויף אויסנווייניק און קען דאָ לייענען אַ האַלבע נאַכט, און מיר וועלן פאַלן ווי די פליגן.

— אויף דעם, — זאָגט ער, — האָבן מיר אויך אַ פּעטן: אונזערער אַ מעמבער, אַן עלעקטרישן, גיט ערגעץ אַ פורקע מיט די דראָטן און ס'ווערט פינצטער ווי אין מצרים, און ער דאַנקט גאָט, דער שרייבער, אַז ער געפינט די טיר . . . פאָלגט מיך און בלייבט מיט אונז, און אויב דער הירש רייף זאָל דאָ היינט, חלילה, אויפטרעטן, גיב איך אייך צוריק דעם דאָלער.

— געמאַכט אַ געשעפט, — זאָג איך, — און מאַך זיך היימיש און בעם אַ שנעפּסל, און נאָך איינעם, און אַז איך בין שוין געווען אַביסל פאַר־שניאַשקעט, און דער עולם איז זיך שוין געהאַט צוזאַמענגעקומען, איז דער פּרעזידענט אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע און געזאָגט:

— שוועסטער און ברידער! אונזער סעקרעטאַר, ברודער יאַמש־טשיק, האָט נאָר־וואָס אָפּגערופן און געזאָגט, אַז ער קען היינט ניט קומען צום מיטינג ווייל ער איז קראַנק. און טאָמער קומט דאָרט דער הירש רייף, זאָל מען אים הייסן קומען אַן אַנדערש מאָל.

דער עולם האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט פאַר דער בשורה, און דער מאַן וואָס האָט מיר פאַרקויפט דעם בילעט איז צוגעקומען צו מיר און מיר געזאָגט:

— נו, איצט האָט איר שוין ניט וואָס מורא צו האָבן. איר האָט דאָך שוין געהערט, אַז דער הירש רייף וועט דאָ היינט שוין ניט אויפטרעטן, און מיר וועלן זיך קענען אַמוזירן! . . .

פון אָט־דער בשורה איז מיר געוואָרן אַזוי גוט און וואַרעם אויפן האַרצן, אַז איך האָב געמאַכט נאָך עטלעכע שנעפּסלעך און האָב אָנגע־הויבן פלאָנטערן מיט דער צונג און אַ פריילעכער גענומען לייענען מיינע זאַכן ביז — ביז איינער פונעם עולם האָט גענומען שרייען:

— ברודער פּרעזידענט! איך זאָג, אַז מען זאָל דעם מאַן אַרויס־וואַרפן! ווייל אויב שוין יאָ פאַרלייענען, זאָל שוין בעסער הירש רייף זיין דער פאַרלייענער! איך האָב אַמאָל געהערט דעם הירש רייפ'ן פאַר־לייענען, איז אויך ניט געווען אַזאַ געוואַלד, דאָך איז געווען וואָס צו הערן! דער מאַן וועט אונז פּטר'ן אַן אָוונט. וואַרפט אים אַרויס!

אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך מיט שטאָלץ אויסגעשריען:

## לחיים אידן

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — מוז איך אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז איך אַליין בין דאָס טאַקע דער הירש רייף!

— וואַרפט אים אַרויס! — האָט דערזעלבער מעמבער נאָך העכער געגומען שרייען, — וואַרפט אים אַרויס! ווייל אַ חוץ אַ גודניק, איז ער נאָך אַ וויסטער בלאָפער אויך! ער וועט מיר דערציילן ווער הירש רייף איז! הירש רייף איז מיין פערזענלעכער פריינט. מיר ביידע, איך און רייף, זיינען אָט אַזוי! — און ער וויזט צוויי פינגער . . .

און פון אַלע זייטן זיינען צו מיר צוגעפאַלן אידן, און אונטער די טע־נער פון: „פעיקער!“ „בלאָפער“!, „גודניק“! האָט מען מיך, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט גרויס פּאַראַד — אַרויסגעוואָרפן . . .

# איך היט אָפּ תשעה באב

דאָס איז געווען לאַנג צוריק, ווען איך בין געווען בלויז אַ פּאָר יאָר אין אַמעריקע. איך בין שוין אָבער געווען אַ פֿאָלנער, אינטערנאַציאָנאַ־לער פֿריידענקער און האָב ניט געהאַלטן פֿון גאָט . . . דערפֿאַר ווייל איך האָב שוין געהאַט געהערט אַ לעקציע פֿון ש. יאַנאָווסקי וועגן „גאָט און מענטש", וואו ער האָט בפירוש באַוויזן, אַז ניט גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן, נאָר פֿאַרקערט, דער מענטש האָט באַשאַפֿן גאָט . . . איך האָב אויך געהערט ראָזענצווייג'ן, פֿייגענבוים'ען און אויך געלייענט עטלע־כע בראָשורן אין וועלכע מ'האָט געריבן גאָט אַ מאָרדע. נו, איז מיר די מעשה אַזוי געפֿעלן, אַז איך בין ניט נאָר אַליין געוואָרן אַ הייסער פֿריידענ־קער, נאָר האָב אויך גענומען אַגיטירן און געזען, אַז די ברייטע מאַסן, וועלכע זיינען געלעגן פֿאַרזונקען אין פֿינצטערניש, זאָלן אויך דערזען דעם סקאַנדאַל, אַז דאָס האָט מען זיי איינגערעדט, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ גאָט אין הימל, וואָס קאָמאַנדעוועט אַרום מיט אונז . . .

איך דאַרף ווייזן, אַז פֿון גאָט האָב איך נאָך געהאַט אַ סך צרות אינ־דערהיים, אין פּשעמישל! אַלע מיינע צרות האָבן זיך גענומען פֿון אים. די מאַמע, דער זיידע, דער רבי, אַלע פּעטערס און גלאַט אַלע אידן פֿון קלויז, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף אַ יתום — זיי אַלע האָבן מיר גע־האַלטן אין איין קלאַפּן אין קאָפּ אַריין, אַז איך זאָל זיך ניט גליטשן, ניט רייסן קיין עפּל אום שבת, ניט איבערמישן קיין דריי בלעטלעך ביים דאַווי־נען, ניט שלאָפֿן אָן אַ יאַרמולקע און אָפּהיטן אַלע תרי"ג מצוות, און האָבן מיך בסדר געסטראַשעט, אַז גאָט זעט אַלץ און ער וועט מיך באַשטראָפֿן !...

הכלל, די גאַנצע וועלט האָט זיך אויף מיר פֿאַרלייגט, אַז איך זאָל אויף איין מינוט ניט פֿאַרגעסן, אַז גאָט היט מיך, און איך האָב אָנגעהויבן צו באַטראַכטן גאָט ווי מיינעם אַ פּערזענלעכן שונא . . . און צוליב אים בין איך דאָס אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע. און ניט אַזוי צוליב אים, ווי צוליב זיינע פֿאַרטרעטער, די מאַמע, דער זיידע און די איבעריקע . . . ווייל גאָט, האָב איך געוואוסט, איז אַן אל רחום וחנון, און מיט אים וועל איך שוין דורכקומען. לאָמיר נאָר ניט האָבן זיינע פֿאַרטרעטער אַרום מיר ! . . .

אַז איך האָב אין אַמעריקע דערזען, אַז אידן, היימישע מענטשן, שטע־לען זיך אָוועק פֿאַר אַן עולם און זאָגן בפירוש, פֿראַנק־און־פֿריי, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט און ס'איז ניטאָ פֿאַרוואָס מורא צו האָבן, האָב איך געפֿילט

# לחיים אידן

ווי זיי אַרומצוכאַפּן און קושן . . . און טאַקע באַלד בין איך אַליין געוואָרן אַ שוידערלעכער פריידענקער, אַן אַגיטאַטאָר. אין פּאַרק, אין שאַפּ, צווישען די לאַנדסלייט, איבעראַל האָב איך געשריגן, אַז די מעשה מיט גאָט איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך; ס'איז גוט פאַר רבנים, חזנים און אַנדערע כלי־קודש, אָבער ניט פאַר פּראָגרעסיווע, קלאַסנבאַוואוסטע און אינטעליגענטע אַרבעטער! און כדי צו באַווייזן, אַז איך בין פּרינציפּיעל און אויסגעהאַלטן, האָב איך עס געפילט, אַלס מיין הייליקן חוב, צו טאָן וואָס מער עבירות.

ליג איך מיר אַזוי, אין אַ הייסן זומערדיקן זונטיק, אין בעט, און זע ווי די מיסעס מיטן מאַן, קינדער און די איבעריקע באָרדערס (אַלע מיינע לאַנדסלייט) טוען זיך אָן, פּאַקן איין גאַנצע בערג מיט עסן, גייען ערגעץ פאָרן און כרעגן מיך, צי איך וויל אויך מיטפאָרן. איך בין אָבער דאַן געווען שטאַרק געבראָכן, האָב פאַרמאָגט אינגאַנצן צען סענט, און האָב זיי געזאָגט, אַז איך פאָר ניט. מיין פּלאַן איז געווען אַריינצושלאָפן ביז שפּעט נאָכמיטיק, דערנאָך אַרונטערגיין און טרינקען אַ קאָפּע מיט זעמל מיט פּוטער, וואָס האָט דאַן געקאָסט פינף סענט, און דערנאָך אַרומשפּאַצירן מיט אַ ניקל אין קעשענע ביזן אָוונט.

אָבער ווען איך בין שפּעט נאָכמיטיק אַרונטער אין גאַס, האָב איך, צו מיין גרויסן אומגליק, אויסגעפונען, אַז איך האָב דעם דאַים ערגעץ פאַרלאָרן, און אַלע באַקאַנטע זיינען יענעם טאָג געווען אַוועקגעפאָרן און איך האָב אַפילו אַ פּעני ניט געקענט קריגן צו באָרגן. בין איך מיר גאַנץ שיין אַרויף צוריק אין הויז, כדי איבערצושלאָפן דעם הונגער ביזן אָוונט.

ווען איך בין אין אָוונט אַרונטער אין גאַס, האָב איך געטראָפן אַ לאַנדסמאַן, געליען ביי אים אַ קוואָדער, און באַלד אַריין אין קאָפּע־סאַלאָן, געהייסן זיך מאַכן אַ „לעבער־סטעיק" מיט „פרענטש־פראַיד", און בשעת איך בין געזעסן און געריסן שטיקער פונעם סטעיק, קומט אַריין אַ צווייטער לאַנדסמאַן און גיט זיך אַ זאָג:

— נו, העריש, האָסט כאָטש געהאַט הייַנט אַ גרינגן תענית?

איך וועל עס אייך מאַכן בקיצור. איך האָב אויסגעפונען, אַז יענעם טאָג איז געווען תשעה באב און איך האָב ניט געוואוסט, אַז די מיסעס מיטן מאַן און מיט די באָרדערס זיינען דאָס געפאָרן אויפן בית־עולם און מיטגענומען די גאַנצע קוישן מיט עסנס, כדי דאָרט צו מאַכן אַ פּיקניק. גלויבט מיר, אַז איך בין שיעור דערוואָרגן געוואָרן מיטן סטעיק און מיין געוויסן האָט מיך גענומען גריזשען, וואָס איך, אַ שטאַרקער אינטערנאַציאָנאַלער פריידענקער, זאָל אַזוי אַריינפאַלן און פאַסטן אום תשעה באב, אין דער

צייט וואָס מיינע לאַנדסלייט, אָט־די פּינצטערלינגע, האָבן געפּרעסן און געטרונקען אויפן סאַמע בית־עולם! . . .

פון דאַן אָן האָב איך געפילט אַלס מיין הייליקע פליכט אויסצוגעפּי־נען, נאָך מיט וואָכן פריער, ווען ס׳וועט אויספאַלן תשעה באב, כדי ניט צו האָבן אַזאַ וויסטן סוף און ניט אַפּרעכענען זיך מיט מיין שונא — גאָט. און פאַר יאָרן לאַנג האָב איך אָפּגעהיט דעם טאָג פון תשעה באב מיט מער פּינקטלעכקייט ווי די פרומע אידן! . . .

און כדי ניט צו האָבן נאָכאַמאָל אַזאַ דורכפאַל, האָב איך שוין געזען, אַז איך זאָל פאַר יענעם טאָג האָבן אָנגעגרייט כאָטש אַ דאָלער, און באַלד ווי איך האָב נאָר געעפנט די אויגן האָב איך אָנגעהויבן צו שלינגען שפּייז מיט אַזאַ אַפּעטיט, אַזוי אַז דעם צווייטן טאָג האָב איך געליטן אויפן מאָגן. ס׳האָט מיר געקרעמפּט אין בויך, אָבער דערפאַר איז מיין געוויסן געווען ריין און לויטער, און איך בין אַ גאַנץ יאָר אַרומגעגאַנגען שטאָלץ, וואָס איך האָב בייגעשטייערט מיין וויכטיקן חלק צום קאַמף קעגן פינצ־טערניש און אומוויסנהייט . . .

# מיין ערשטער האָנאָראַר

פון דעם גאַנצן ים מיט לענדלאַרדס, וואָס איך האָב שוין אויף מיין לעבן געהאַט, איז ער געווען דער ערשטער וואָס האָט מיר באַצאָלט אַ גוטן פּרייז פאַר מיינע וויצן, כאָטש ער איז געווען אַ שונא פון הומאָר.

געווען איז ער אַ הויכער, ברייטער, געזונטער איד, מיט אַ פעטער, פלאַטשיקער נאָז, זיינע הענט, פיס און אויערן האָבן דערמאָנט מיט זייער גרויסקייט אַן עלפאַנט און אַ פּאָר גרויסע, טרערנדיקע אויגן ווי צוויי עמערס וואַסער. זיינע גרויסע, ברייטע פלודערן האָבן פאַרמאָגט קעשענעס מיט בלויז איין אַריינגאַנג, אַז אַ דאָלער איז דאָרט אַריינגעגאַנגען, האָט ער שוין פאַרגעסן דעם וועג אויף צוריק . . .

נאָך דירה־געלט פלעגט ער קומען פונקט דעם ערשטן אָדער דעם פופצנטן. אַז ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און מ'האָט אים געפרעגט, ווער איז דאָרט? האָט ער געענטפערט מיט איין וואָרט: „רענט". אַז מ'האָט געעפנט די טיר און אים אַריינגעבעטן זיצן, האָט ער געענטפערט:

— ווער האָט עס צייט צו זיצן. מ'דאַרף נאָך היינט אָנקלאַפּן אין פערציק טירן און אַז מ'זאָל וועלן איבעראַל זיצן, וועט מען שיין אויסזען!

דאָס אָפּגעזאָגט, האָט ער באַלד אַרויסגענומען אַ „רעסיט" און מיר דערלאַנגט. אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז כ'האָב מורא, אַז ער וועט דאַרפן קומען נעקסטע וואָך, ווייל כ'האָב ניט געקראָגן קיין „פּעי", האָט ער גענומען טופּען מיט די שווערע פיס אַזוי, אַז אַלעס אין הויז האָט זיך גענומען שאָקלען און געשריגן:

— געוואַלד! מ'האָט גאָרניט קיין רחמנות אויף מיינע שוואַכע פיס! דאָס זיינען רוצחים, ניט קיין מענטשן!

פלעג איך אים וועלן באַרואיקן און אים זאָגן, אַז ער זאָל אויפהערן טופּען מיט די פיס, ווייל דער וואַשטאָפּ וועט באַלד אַרונטערפאַלן און די שויבן האָלטן סיי ווי ביים אַרויספאַלן און די סטעליע האַלט זיך אויף משקולת, האָט ער מיר איבערגעהאַקט אין מיטן און גענומען שרייען:

— אַהאַ, איר הייבט שוין אָן מיט אייערע חכמות! ניט איצט. איצט בין איך געקומען נאָך „רענט". און אַז איך גיי קאָלעקטן רענט, גיי איך אַזוי ווי מלחמה האַלטן מיט אַ שונא, און איר מיט אייערע וויצן וועט מיר דעם קאָפּ ניט פאַרדרייען! פריער באַצאָלט רענט, דערנאָך וועלן מיר הערן אייערע וויצן!

נאָר גיי באַצאָל, אַז ס׳איז ניטאָ! איר דאַרפט וויסן, אַז יענע יאָרן האָבן מיר געהאַט אַ שרעקלעכן קריזיס און טויזנטער פאַמיליעס זיינען געשטאַנען אין געפאַר אַרויסגעשטעלט צו ווערן אין גאַס און די „קאָנסומערס ליג״ האָט דערפאַר איבעראַל אָרגאַניזירט רענט־סטרייקס, מיט פּיקעטס, מיט גאַסן־פאַרזאַמלונגען, מיט די אַלע זאַכן און ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע מלחמה, און יעדעס מאָל, ווען איך פלעג אים זאָגן: מיסטער פליגל, איר׳ט זיין אַזוי גוט און קומען נעקסטע וואָך, האָט ער געגעבן אַ בורטשע, אַ פּראַל צו די טיר, און דעם צווייטן טאָג האָב איך געפונען אַ „דיספּאָזעס״ אונטער דער טיר . . .

אַז איך האָב דערזען דעם ערשטן „דיספּאָזעס״ האָב איך זיך באמת דערשראָקן און בין באַלד אוועק אין אָפיס פון דער „קאָנסומערס ליג״ זיך צו האַלטן אַן עצה. אָבער זיי, דאָרט, האָבן זיך אויסגעלאַכט. זיי האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז שיקן אַ „דיספּאָזעס״ קאָסט אַכט דאָלער, און מיסטער פליגל וועט גיכער אַכט מאָל אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער, איידער אַרויסנעמען אַ „דיספּאָזעס״. נאָר וואָס־זשע דען, ער האָט ערגעץ דערטאַפּט אַ גאַנצן באַרג מיט „דיספּאָזעס־בלענקס״ און זיין זון שטעלט זיי אויס פאַר אים און ער לייגט זיי אַוועק אונטער דער טיר, כדי איבערצושרעקן די אײַנוואוינער . . . זיי האָבן מיך באַרויקט, אַז איך זאָל זיך ניט שרעקן, און איך מעג די „דיספּאָזעסעס״ גאַנץ שיין אַרויסוואַרפן . . .

האָב איך שוין געוואוסט, אַז יעדן ערשטן, ווען איך האָב ניט קיין דירה־געלט צו דער מינוט, וועל איך מאָרגן קריגן דאָס מוף־צעטל, און טאָמער האָב איך עס געקראָגן עטלעכע טעג שפּעטער, האָב איך געמיינט, אַז מיסטער פליגל איז קראַנק . . .

איין טאָג שטיי איך מיר אַזוי לעבן הויז מיט נאָך שכנים און מיר דיסקוטירן אונזערע פּראָבלעמען. קומט צו מיסטער פליגל, אַן אָנגעכמורעטער, אַ בייזער, און גיט אַ בורטשע אַרויס דאָס וואָרט: „רענט!״ אַפּנים, אַז אַלע האָבן ניט געהאַט געצאָלט קיין רענט אין צייט. רוף איך זיך אָפּ:

— מיסטער פליגל, איר מוזט זיין בייז אויף מיר. ווייל ווען ניט, וואָלט איר מיך ניט באַיקאָטירט! איר ווייסט, שוין צוויי מאָנאַטן אַז איר האָט מיר ניט געשיקט קיין דיספּאָזעסעס. אפשר קען איך ביי אייך קריגן די צוויי נומערן, ווייל איך וויל זיי בינדן אין אַ יאָרגאַנג . . .

— איר, — צעשרייט ער זיך, — איר הויבט שוין אָן מיט אייערע חכמות. איר באַצאָלט בעסער דעם רענט, אַז ניט שטעל איך אייך אַרויס מיט די בעבעכעס אין גאַס! איר זענט מיר שולדיק דריי מאָנאַטן „רענט״. גענוג!

— דאָס וואָלט געווען, — זאָג איך, — די בעסטע זאַך. ערשטנס, וואָלטן די זאַכן זיך אַביסל דורכגעלופטערט; צווייטנס, וואָלט מיין איי־דענע געקענט אַביסל אויסקערן ס'הויז; דריטנס, וואָלט איך אַרויסגע־שטעלט אַ טעלער און גוטע מענטשן וואָלטן אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר סענט. אפשר וואָלט אייער הארץ זיך אויך געגעבן אַ צאַפּל און איר וואָלט אויך אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר סענט. כ'לעבן, ס'איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן...

— איר וועט ביי מיר ניט, — שרייט ער, — אַרויסשטעלן קיין טע־לער! דאָ איז ניט לודלאָוו סטריט. דאָ איז די בראָנקס! דאָ וועט מען אייערע זאַכן אַוועקשלעפּן אין מאַרג און מ'וועט זיי דאָרט באַגראָבן!

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — אויב דאָ איז די בראָנקס, וועל איך טאַקע ניט אַוועקשטעלן קיין טעלער, נאָר אַ רעדזשיסטער, און אויב ס'וועט דורכגיין אַ קאַרגער איד ווי איר, און ניט אַריינוואַרפן עפּעס, וועל איך אָנקלינגען: „נאָו סעיל"... טאַקע ווי אַן אמת'ע ביזנעס...

נאָר מיט איינמאָל האָב איך געקראָגן אַן אמת'ן, ניט קיין געבלאָפטן, „דיספּאָזעס". אַז איך בין געקומען אין געריכט, האָט מיסטער פּליגל גע־טענה'ט, אַז ער וויל מיך בשום־אופן ניט האָבן פאַר קיין איינוואוינער. אַז דער ריכטער האָט אים געפרעגט פאַרוואָס, האָט ער מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט, אַז מיינע וויצן הרג'ענען אים אַוועק! ער קען זיי ניט פאַר־טראָגן. ביי אים איז רענט אַן ערנסטער ענין. רענט מיט הומאָר איז ניט קיין פּאָר! און אַז איך שטעל זיך אַוועק לעבן הויז און אַ־שטאָט רענט נעם איך דערציילן וויצן, דוכט זיך אים, אַז ער איז געקומען אין אַ וואָ־דעוויל, ניט מאָנען רענט, און דערפאַר איז ער וויליק מיר צו שענקען פאַר די דריי מאָנאַטן דירה־געלט, אַבי איך זאָל זיך אַרויסציען.

איך האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאָג, און אַז מ'האָט זאָרויפגעלייגט מיין ביסל מעבל אויפן וואָגן, האָבן מיר די שכנים געמאַכט אַ גרויסע אָוואַציע און איך האָב מיך פאַר זיי געבייגט אַזוי ווי אַ „סטאַר" אין טעאַ־טער, און בין געווען שטאָלץ מיטן ערשטן „האָנאָראַר" וואָס איך האָב גע־קראָגן פאַר מיינע וויצן!...

# קורץ און שלעכט

פּראָפעסאָר דזשעימס ב. מיטשעל איז אַרויס מיט אַ טעאָריע, אַז קורץ־געוואַקסענע מענטשן זיינען באמת נאָר קורץ אין וואוקס, אָבער גרויס אין אַלע אַנדערע הינזיכטן. ער ווייזט אָן מיט פאַקטן און סטאַטיסטיק, אַז קורצע מענטשן זיינען מער אַמביציעז, פאַרמאָגן מער ענערגיע און זיינען דערפאַר מער דערפאָלגרייך אויף אַלע געביטן, ווי קונסט, פּאָליטיק, פינאַנץ און אַפילו אין ליבע, און שטייגן אין אַלץ איבער די לאַנגע דרענגער, וואָס דרייען זיך אַרום ווי סטראַשידלעס מיט וועלכע מ'שרעקט איבער קליינע קינדער. און ניט נאָר זיינען זיי ניט געפאַלן ביי זיך, נאָר זיי פילן זיך גאָר געהויבן און זיינען פול מיט הומאָר און זעלבסט־צופרידנהייט.

און כדי צו באַפעסטיקן זיין טעאָריע, גיט ער איך אַ לאַנגן צעטל פון קליינטשינקע גדולים׳לעך, וואָס יעדערער פון זיי איז געווען גרויס ווי אַן אַרבעס, נאָר האָט פאַרמאָגט די ענערגיע פון אַן אַטאָמישער באָמבע, טאַלאַנט ווי דער גרעסטער זשעני און געלט ווי אַ מיליאָנער, און געזשליאָקעט פונעם ליבעס־בעכער, ווי פון אַ קוואַל — הכלל, צו וואָס זיי נעמען זיך גייט עס ביי זיי ווי אַ מזמור! וואָס ביי אַ לאַנגן פלאָקן דאַרף נעמען יאָרן, מאַכן זיי עס מיט איין שפּרונג. איז אויב איינער וויל ווערן דערפאָלגרייך, דאַרף ער כאָטש אויפהערן וואַקסן קליינערהייט!...

זאָל ער מיר מוחל זיין, דער פּראָפעסאָר, ווען איך וועל אים זאָגן, אַז ער פּאַנפעט־אונטער צוביסלעך. ווייל, ווען זיין טעאָריע וואָלט געווען ריכטיק, וואָלט איך — לויט מיין וואוקס — באַדאַרפט זיין דער גרעסטער גדול בישראל אויף אַלע געביטן!

ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז איך האָב אויפגעהערט וואַקסן צו אַכט אָדער ניין יאָר. ווייל מיין מאַמע פלעגט שרייען, אַז דער יונג וואַקסט אַ מערדער, אַן אויסוואורף, אַ היצל, אַ משומד! האָב איך געטראַכט, אַז אייידער אויסצוואַקסן אַזאַ כל־בו׳ניק, וועל איך בעסער אָפּשטעלן דאָס וויסטע וואַקסן אינגאַנצן — און בין דערפאַר געבליבן ביי גאָרנישט מיט גאָרנישט!...

— וואָלט איך דאָך באַדאַרפט — פונעם פּראָפעסאָר׳ס שטאַנדפּונקט — זיין אַ גאָר גרויסער דערפאָלג. איז אָבער דער אמת: אַז ווי קליין איך בין, אַזאַ גרויסער לאַ־יוצלח בין איך! אמת, איך האָב אַ סך ענערגיע און

אַמביציע, אָבער — איך האָב זיי דערווייל נאָך ניט באַנוצט. וועגן מיין קלאַסישער פּוילקייט האָט איר דאָך שוין געהערט. ביי מיר איז דערכט צו לייענען אין אַ בוך 10 מאָל דיזעלבע ווערטער, ווייל איך פויל זיך אי־בערצומישן אַ בלעטל. און וועגן מיין טאַלאַנט דאַרף איך אייך דאָך ניט דערציילן, און מיינע פינאַנצן זיינען נאָך קלענער ווי מיין טאַלאַנט! . . .

וואָס אַנבאַלאַנגט ליבע — איז ווען מ'זאָל צוזאַמענגעמען די אַלע מיידלעך און ווייבלעך, וואָס האָבן מיר שוין געזאָגט: גראַרע, היר, באַם!" און אַמאָל נאָך דערלייגט אַ פּאַטש — וואָלט מען מיט זיי געקענט אָנפילן דעם גרעסטן זאַל. דערפאַר רופט מען מיך דער „שיק" . . . ווייל ווי נאָר אַ ווייבל דערזעט מיין וואוקס, שיקט זי מיך באַלד אַוועק! . . .

צו זאָגן — ווי דער פּראָפעסאָר באַהויפּטעט — אַז איך בין שטאָלץ מיט מיין קורצקייט, וואָלט געווען אַ בלאָף גדול. פאַרקערט, איך מייד־אויס צו גיין צווישן מענטשן, ווייל סיי־ווי באַמערקט מען מיך ניט — סיידן איינער פון עולם לאָזט עפּעס אַרונטער און בויגט זיך אָן עס אויפ־צוהויבן. טאָמער ניט, קען איך אייך אָפּזיצן אָן אָוונט ביי אַ שמחה, אַהיים גיין אומבאַמערקט, און אויפן צווייטן טאָג זאָל מען מיך רופן אויפן טע־לעפאָן און פרעגן פאַרוואָס איך בין ניט געווען . . .

ווען איך בין נאָך אַ יונגער בחור געווען, בין איך געזעסן מיט אַ מיידל אין פּאַרק. די לבנה, די שטערן און די איבעריקע זאַכן וואָס גייען מיט אַט־דעם „סעט", האָבן מיך אַזוי צעשרויפט, אַז עפּעס אַ שד האָט מיך אָנגערייצט זיך צו דערקלערן דער מיידל אין ליבע. זי האָט אַלעס אויסגעהערט. אָבער אַז זי האָט געגעבן אַ קוק אויף מיין וואוקס, האָט זי זיך צעלאַכט מיט אַ מערדערישן געלעכטער און געזאָגט:

— דו דאַרפסט נאָך אַביסל וואַקסן, אינגעלע! אַזאַ אינגעלע גייט נאָך אין חדר! . . .

עס האָט ניט געהאָלפן מיין טענה'ן צו איר, אַז איך בין שוין אַ גרוי־סער בחור און וויל שוין חתונה האָבן . . . ביז איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז אויב ס'איז איר ווייניק, וועל איך מאָרגן מיטברענגען מיין אינגערן ברודערל. אַ קוק טוענדיק אויף אים — ער איז געווען מיט אַ קאָפּ הע־כער פון מיר — האָט זי זיך איינגעבויגן און מיר געזאָגט, אַז איך מעג שוין אַהיים גיין. ס'ברודערל איז גענוג פאַר איר! . . .

איר דאַרפט וויסן, אַז מיין אויבערשטער טייל פון קערפּער איז ביי מיר גראַד אַ גרויסער, אַ ברייטער, ווי ביי אַ גרויסן מאַן. מיין אומגליק ליגט מיר אין די פיס. קורצע פיס! ווען איך בין געבאָרן געוואָרן, זיי־נען דאָן אַלע פון מיין שטאָט געלאָפן קיין אַמעריקע. איז געוואָרן אַ דוחק

אויף פיס — האָט מען מיר אַריינגעשטופּט אַ פּאָר קורצע פּיסלעך . . . איז אַז איך זיץ אין אַ געזעלשאַפט, ביי אַ טיש, מיינט מען אַז איך בין אַ רעגעלער מענטש. די צרה איז נאָר ווען איך שטעל זיך אויף. איז וואָסזשע, מיינט איר, טו איך ? איך שטעל זיך קיינמאָל ניט אויף און וואַרט ביז אַלע גייען אַרויס, כדי צו לאָזן ביי אַלעמען די אילוזיע, אַז איך בין אַ פולנער מענטש . . .

איינמאָל, אין אַ געזעלשאַפט, האָב איך זייער שטאַרק אויכאַזשעוועט נאָך אַ דאַמע. עס איז מיר געגאַנגען אין לעבן ביי איר אויסצונעמען, און איך בין דערפאַר אַ גאַנצן אָוונט געזעסן. ס'האָט אויסגעזען, אַז עס גייט אויף אַ דרך. אָבער ביים אַהיים גיין האָט מיר די דאַמע צוגעבראַכט איר מאַנטל כ'זאָל איר העלפן אים אָנטאָן. אָבער אַז איך האָב זיך אויפגעשטעלט, האָט זי מיך אַלץ אַרומגעזוכט. און אַז זי האָט געגעבן אַ קוק אַרונטער, גיט זי צו מיר אַ זאָג :

— נו, וואָס זיצט איר ? . . .

אָבער אַז זי האָט דערזען אַז איך גיי אַרום, האָט זי געגעבן אַ זיפץ — און איך האָב שוין פאַרשטאַנען אַז איך האָב פאַרלאָרן די קעיס . . .

איך בין אַמאָל געשטאַנען און גערעדט פאַר אַ גרויסן עולם. דער שטענדער איז געווען כמעט אַזוי גרויס ווי איך, און מ'האָט מיך קוים אַרויסגעזען. צעשרייט זיך איינער פון עולם, אַז דער רעדנער וואָלט זיך געמעגט אויפשטעלן ביים ריידן. בין איך געוואָרן בייז און האָב זיך גאָר אַוועקגעזעצט. איז דער עולם געבליבן אינגאַנצן אָן אַ רעדנער . . . האָט דער עולם געשריען, אַז כ'זאָל שוין בעסער זיצן, ווייל אַז איך ליג זעט מען מיך אינגאַנצן ניט אַרויס . . .

איך האָב אַמאָל אַריינגעטראָגן צו אַ שניידער צו קירצן אַ פּאָר הויזן. אַז איך בין געקומען זיי אָפּנעמען, זאָגט ער, אַ שעמעוודיקער, אַז זיי זייַנען נאָך ניט פאַרטיק. פאַרוואָס ? ער האָט מורא געהאַט, — דערקלערט ער מיך, — זיי צו שניידן. ער האָט נאָך אַזעלכע קורצע הויזן קיינמאָל ניט געזען . . . איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז ער מעג שניידן, ווייל דאָס איז די ריכטיקע מאָס. פונדעסטוועגן, ווען איך האָב זיי אָנגעטאָן, זייַנען זיי נאָך אַלץ געווען צו־לאַנג . . .

דאָס איינציקע ביסל נוצלעכקייט וואָס איך האָב יאָ געהאַט פון מיין קורצקייט, איז געווען ווען די מאַמע פלעגט מיך וועלן שלאָגן — דאַן בין איך שנעל אַרונטערגעלאָפן אונטערן בעט און האָב מיר דאָרט אַרומשפּאַצירט ווי אַ גראַף . . .

און איצט, אַז פּראָפעסאָר מיטשעל וויל מיר אַיינריידן, אַז די ברע־

## לחיים אידן

קעלעך גדולים זיינען אַ דערפאָלג — וואָלט איך אים געוואָלט בעטן, אַז ער זאָל זיך אַריינכאַפּן אין מיין לאַגע און אַרומקריכן אויף אַזעלכע צוויי קורצע פיסלעך ווי מיינע אַ גאַנצן לעבן, און זיך אַרומדרייען איינער אַליין אויף דער וועלט, און זען נאָר פיס און בייכער און קיינמאָל ניט אָנזען קיין מענטשלעכן פּנים — סיידן איינער איז נאָך קלענער פון מיר. אָבער אַזאַ איינער איז דאָך שוין גאָר קיין מענטש ניט! ...

דעריבער זאָג איך, אַז דאָס צעטל מיט גיגאַנטישע קורצקייטן, וואָס דער פּראָפעסאָר רעכנט אויס, ווייזט בלויז אַז זיי זיינען געווען אַזעלכע ריזיקע זשעניען, אַז אַפילו זייער קורצקייט האָט זיי ניט געשטערט. היינט שטעלט איך פאָר, ווען זיי וואָלטן געווען רעגעלע מענטשן, וואָס פון זיי וואָלט אַרויסגעוואַקסן! ...

# טשעפּעט ניט מיינע „סלאָמס״!

איך שטיי שטונדן־לאַנג אויף דער איסט־סאַיד און קוק זיך צו ווי מ׳רייסט אַרונטער די „סלאָמס״.

שוין יאָרן ווי איך חלום, אַז מ׳זאָל אַרונטעררייסן אָט־די אַלטע, פינצטערע, פאַרפּעסטעטע, פאַרשטיקטע און פאַרפוילטע פייער־פּאַסטקעס!

איך האָב שוין איבערגעלייענט הונדערטער אַרטיקלען, שוין געהערט הונדערטער רעדעס, שוין אַליין געהאַלטן צענדליקער רעדעס, שוין צוגעזען ווי פּאָליטישנס האָבן אויפגעבוי?ט קאַריערעס, מאַכנדיק די סלאָמס פאַר אַן אישו ערב די וואַלן. און איצט, אַז מ״ן חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן און מ׳האָט זיך גענומען צו די סלאָמס, וואָלט עס באַדאַרפט זיין פאַר מיר אַ גרויסער יום־טוב. אָבער פונקט איצט, שטייענדיק שטונדן־לאַנג, צוקוקנדיק ווי מ׳רייסט שטיקער פון זיי, פיל איך ווי מען וואָלט געריסן שטיקער פון מיין קערפּער!

פון יעדן שטיין וואָס מ׳רייסט אַרויס פון די סלאָמס ווערט מיר אַ לאָך אין האַרצן! און אַז איך קום דעם צווייטן טאָג און זע, אַז אַ טענעמענט־הויז איז פאַרשוואונדן, דאַכט זיך מיר אַז איך בין דאָ געקומען אויף קבר־אָבות באַווייגען אַ נאָענטן . . .

די „סלאָמס״! מיינע „סלאָמס״!

וואָס וועט מיר בלייבן, אַז מ׳וועט ביי מיר צונעמען די סלאָמס? מיט וואָס וועל איך זיך באַרימען? וואָס פאַרמאָגט ניו־יאָרק עפּעס אינטערעסאַנטעס, צוציענדיקס פאַר רייזנדיקע טוריסטן, אַ חוץ די סלאָמס?!

גאָרניט מיט גאָרנישט!

דער ריווערסאַיד־דראַיוו מיטן האָדסאָן? בע! דער קאָלאָמביאַ ריווער מיטן האַיוועי פון פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, איז אַ סך שענער און פאַנטאַסטישער, ווי דער האָדסאָן מיטן דראַיוו!

שיינע, ברייטע עוועניוס און בולוואַרן — האָט שיקאַגע שענערע ווי ניו־יאָרק.

ניו־יאָרק האָט ניט קיין בערג ווי קאָלאָראַדאָ, כאָטש מיר בלייבן דאָ אַן פּיס קריכנדיק אויף די „טאַפּ־פלאָרס״!

קאָנסערווירטע, געשמאַקע בעבלעך — האָט באָסטאָן מער און בעסערע ווי ניו־יאָרק!

ניו־יאָרק האָט ניט קיין קוילן־מינעס, כאָטש מיר ליגן יעדן טאָג עט־

## לחיים אידן

לעבע שעה טיף אין דער ערד אין — סאַבוויי.

קעגן דעם טשאַינאַטאַון אין סאַן־פראַנציסקאָ זעען־אויס ס׳ביסל פּאַנ־פּעוואַטע כינעזער פון פּוירל סטריט ווי אַ באַכקרימעניש!

די ניו־יאָרקער היצן? אויב איר ווילט זען ווי מענטשן חלש׳ן פון היץ — דאַרפט איר פאָרן צו די שטאָל־גיסערייען פון פּיטסבורג.

ווילט איר אַרויסגיין מיט אַ קלאָר, אָפּגעוואַשן פּנים און אין אַ שעה שפּעטער זאָל מען אייך אָננעמען פאַר אַ נעגער — פאָרט קיין לאַקאַוואַנאַ!

מיר האָבן דאָ ניט קיין פּרעיריס ווי אינדיאַנאַ, כאָטש מיר האָבן דאָ מער בהמות ווי זיי דאָרט.

מיר האָבן דאָ ניט קיין געזעץ־פאַבריקן ווי אין וואַשינגטאָן — כאָטש מיר ברעכן מער געזעצן ווי סיי־וועלכע אַנדערע שטאָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די ניו־יאָרקער בריקן וואָלטן אפשר געווען די גרעסטע אין אַמעריקע, זיינען זיי אָבער בשותפות מיט ברוקלין; און ברוקלין, ווי איר ווייסט, האָב איך פיינט!

אונזער פרייהייט־געטין מיטן פאַקל האָט אַמאָל באַלויכטן דעם וועג פון אַלע פאַריאָגטע און פאַרפלאָגטע, אָבער איצט שטייט זי ווי אַן אַלטע מויד און היט, אַז קיינער זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן אַהער.

אונזערע פּאַרקס זיינען פליכעוואַטע, מיט שווינדזיכטיקע ביימעלעך.

אונזערע וואָלקן־קראַצערס? ווער האָט עס כוח אַרויפצוקוקן צו זיי? אַ חוץ דעם, מער ווי אויף צו פאַרשטעלן דעם הימל נוצן מיר זיי נישט.

געווען אַמאָל אַ באַוערי, מיט ברויט־לאַינס — האָט מען זיי אָפּגעשאַפט און די טרעמפּס פאַרשיקט אין די מוניציפּאַלע האָטעלן, וואו זיי וואַלגערן זיך אַרום ווי די גראַפן!

בקיצור: וואָס האָבן מיר צו ווייזן אַ גאַסט פון דער פּראָווינץ אַ חוץ די איסט־סאַיד מיט די „סלאָמס"? גאָרניט מיט גאָרניט!

די איסט־סאַיד!

ווי נאָר ס׳פלעגט צו מיר קומען אַ גאַסט פון דער פּראָווינץ, פלעג איך באַלד אוועקלייגן די אַרבעט און האָב אים ווי אַ געניטער ניו־יאָרקער איד געפירט ווייזן די איסט־סאַיד. איך בין מיט אים אַרונטערגעפאָרן אויף דילענסי סטריט, אָרטשאַרד סטריט. מיר פלעגן עולה־רגל זיין, און איך בין געוואָרן זיין וועג־ווייזער, זיין לעקטאָר . . .

ערשטנס, האָב איך אים מכבד געווען פון אַ שטופּ־וועגעלע מיט אַ זויערער אוגערקע, אָדער מיט אַ האַרבן פעפער, כדי צו באַוווירצן אונזער אַוואַנטיורע. דערנאָך האָב איך אים געוויזן אונזער ביסל אַנטיקן וואָס

ניו־יאָרק פאַרמאָגט. איך האָב אים געוויזן די מואַוויס וואָס אינעווייניק זיינען זיי גרויס ווי אַ מאַראַנצן־קעסטל, נאָר אינדרויסן האָבן זיי געהאַט גרויסע שילדן אויף ענגליש מיט איבערזעצונגען אויף אידיש. למשל: אויף ענגליש הייסט די מואווי „דהי לאַיף אָוו אייברעהעם לינקאָלן"; אויף אידיש — „דאָס לעבן פון אברהם אָבינו" . . .

דערנאָך זיינען מיר אַריין אין אַ קעלער, אויפגעגעסן עטלעכע הייסע קנישעס, פאַרטרונקען מיט זויערמילך און זיך באַזאָרגט מיט בויך־ווייטיק . . . און אַזוי שפּאַצירנדיק האָב איך זיך גענומען באַרימען פאַרן גאַסט מיט מיינע „סלאָמס", און האָב אים מיט שטאָלץ אָנגעוויזן, אַז דאָ, אין דעם טענעמענט, זיינען פאַרברענט געוואָרן אַכט פאַרשוין. דאָרט זיינען פון רויך דערשטיקט געוואָרן אַ גאַנצע פאַמיליע פון צוועלף מענטשען, און דאָרט איז איינגעפאַלן אַ וואַנט און באַגראָבן לעבעדיקערהייט צען מענטשן. און אַזוי האָב איך אים אָנדערציילט די האַרצרייסנדיקע געשיכטע פון יעדן טענעמענט־לאָך . . .

איך האָב אויך מיין גאַסט געוויזן די „אונטערוועלט" פון דער איסט־סאַיד, און אַרונטערלאָזנדיק זיך טיף אין די קעלערן האָב איך אים דאָרט געוויזן די חדרים מיט די אינגעלעך, וואָס האָבן געריסן בערד ביי די מלמדים ווי די גענגסטערס; כ'האָב אים געוויזן די גרינע מיליאָנערן אין די קוילן־קעלערס, די שמאַטע־קלייבער קעלערן, די בעקערייען, די שוסטערס. בקיצור: די גאַנצע אונטערוועלט פון דער איסט־סאַיד מיט אירע אויסטערלישע פאַרוואָרלאָזטע טיפן . . .

דערנאָך האָב איך אים געוויזן די טיפן פון דער אויבערוועלט. למשל: די אידענע מיטן פייערטאָפּ, וואָס פאַרקויפט שוין פערציק יאָר קאָלאָמביאַ זאָקן; דער איד וואָס פעדלט מיט פאָליס־סוספענדערס און וויזט ווי זיי האַלטן אַ שווערן שטיין און צעציען זיך ניט; און דער איד וואָס פאַרקויפט רומענישע קעמלאַך און קעמט זיך מיט זיי זיין גרויע באָרד . . .

דערנאָך פיר איך מיין גאַסט צו מיין פעטער לייבוש אין הויז אַריין. און בשעת מיר גייען אויף די טרעפּ, האַלט זיך מיין גאַסט אָן אין מיין אַקסל, ווי אַ בלינדער. און איך וואָרן אים ער זאָל זיך ניט אויסגליטשן, אָבער ער הערט מיך ווי די וואַנט און גליטשט זיך דווקא יאָ אויס און פאַלט איבער אַ אידענע מיט אַ קיישל. און ווען מיר קומען אָן אין שטוב אַריין איז מיין גאַסט אויסגעשמירט מיט מאָסטאַרד ווי אַ „האַט־דאָג". און אינעווייניק קומט אונז אַנטקעגן אַ זייער דומפּער גערוך, איינגעהילט אין אַ שוואַרצער פינצטערניש — ווייל די זון, וועלכע באַלייכט דעם גאַנצן ערד־קוגל, קען אַ מכה צוקומען אַהער . . .

## לחיים אידן

נאָכדעם ווייז איך אים דעם פיט סטריט פּאַרק, וואָס איז פול מיט גרינע — אידן. איך ווייז אים דעם איינציקן איירישן גוי, וועלכן מ׳האָט שוין ניט צו אײן מנין מצרף געווען. און ווען מיר זיצן שוין אויפן „על״ אַהיימצופאָרן, וואַרפט מיין גאַסט אַ לעצטן בליק אויף דער פיל־פאַרבי־קער פּאַנאָראַמע פון די פאַרשיידענע אַרטיסטישע קאָלדרעס, מאַטראַצן, בעטגעוואַנט, אונטערוועש און זאָקן, וועלכע באַצירן די אַלע פענצטער און פייער־לעיטערס פון דעם גאַנצן געגנט. גיט ער מיר גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע, וואָס דאָס זאָל הייסן: אַ דאַנק, ברודער! געלוינט זיך צו פאָרן קיין ניו־יאָרק! באמת הנאה געהאַט! . . .

און איצט שטיי איך און קוק מיט האַרצוויטיק צו ווי מ׳רייסט שטי־קער פון אַט־די „סלאָמס״ מיינע!

געוואַלד, אידן! וואו וועל איך איצט פירן מיינע געסט פון דער פּראָווינץ?!

און וואו וועלן די פּאָליטישנס נעמען אַן „אישו״ אַלע יאָר ערב די וואַלן?

און וואו וועלן די צייטונגען נעמען סענסאַציעס וועגן פייער־פּאַסט־קעס?

און וואָס וועלן טאָן די אַגיטאַטאָרס מיט דעם „ספּיטש״, וואָס זיי האָבן מיט 30 יאָר צוריק זיך אויסגעלערנט, און וואָס ענדיקט זיך אַלע מאָל: „איר וואָס ליגט אין די פינצטערע טענעמענט־לעכער, און זעט קיינמאָל ניט אַן די ליכטיקע זון! . . .״

דעריבער הויב איך אויף מיין שטימע ביז צום טאָפּ־פלאָר און שריי אויס:

אידן! רייסט אַרונטער רעדיאָ סיטי, צעשניידט אַלע בריקן, פאַר־שיט דעם האָדסאָן — נאָר טשעפּעט ניט מיינע סלאָמס!

# די מלחמה האָט אים געקוילעט אַ ביזנעס

יעדעס מאָל וואָס איך האָב שפּאַצירט אויף דער „דזשאָרדזש וואַשינג־טאָן” בריק, האָט ער אויך דאָרט אַרומשפּאַצירט. נאָר בשעת איך האָב באַוואונדערט די נאַטור מיט וועלכער די בריק איז געווען אַרומגערינגלט, איז ער אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אויף דער בריק און קיין זאַך, אַ חוץ די בריק, ניט געזען.

פון אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז ער האָט עפּעס אַ ידיעה אין דער טעכניק פון בויען בריקן. כאָטש קיין איינדרוק פון אַ גוואַלדאָוונעם בריקן־בויער האָט ער ניט געמאַכט.

אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט אַ גרוי־צעשפּאָלטן בערדל, אַ לאַנגע, אויסגעהויקערטע נאָז מיט צוויי וואַזשנע, טיפע, פינצטערע לעכער. אויפן קאָפּ איז ביי אים געזעסן אַ האַרטער דורבי קאַפּעליוש און זיך געשאָקלט ווי אַ שוואַרץ שיפל און זיך געריסן אַרונטערצופאַלן איבער די רויטע, טרערנדיקע אויגן, נאָר די לאַנגע אויערן, ווי צוויי שטרענגע וועכטער, האָבן אים ניט געלאָזן אַראָפּפאַלן איבער דער גרענעץ . . . נאָר מאַלע וואָס אַ מענטש מאַכט ניט קיין איינדרוק. מיר האָבן דאָך שוין געזען גענגס־טערס מיט קינדערשע פּנים׳ער, און פּראָפעסאָרן וואָס זעען אויס ווי גאַנג־קערער. ס׳קען אמאָל זיין, אַז דער איד איז עפּעס אַ גרויסער אינזשיניער, אָדער אַ ליבהאָבער, אָדער אַ באַוואונדערער פון דער בריקן־קונסט.

נאָר אַז ס׳איז אַוועק אַ שטיקל צייט בין איך שוין געוואָרן איבער־צייגט, אַז ער איז פאַרבונדן מיט דער בריקן־פּראָפעסיע.

ערשטנס, האָט ער באַטאַפּט יעדעס שטיקל אייזן און געפּרוואוט יע־דעס נאָטל צי עס דרייט זיך ניט. ער האָט געפּרוואוט די פאַרענטשעס, וועלכע ציען זיך פון ביידע זייטן בריק, צי זיי שאָקלען זיך ניט און צי מ׳קען זיך אָן זיי אָנשפּאַרן. ער האָט געקלאַפּט מיט אַ שליסל אין די רערן, כדי צו זען, צי זיי זיינען ניט הויל אינעווייניק. אַ סך מאָל האָט ער זיך גאָר אָוועקגעשטעלט אין סאַמע מיטן בריק, גענומען טאַנצן און טופּען מיט די פיס, צו זען צי די בריק שאָקלט זיך ניט. ער האָט געמאָסטן די גרעב און די ברייט פון די אייזנס, איבערגעציילט די לאָמפּן און אַמאָל האָט ער אַרונטערגעלאָזן אַ שטריק מיט אַ צוגעבונדענעם שטיק אייזן אויסמעסטנדיק די טיף פון דער בריק.

זעענדיק, אַז איך בין פאַראינטערעסירט אין זיין אינטערעס צו

בריקן, האָט ער זיך איינמאָל געפּאַסט מוט און אַן צערעמאָניעס מיך גע־פרעגט צי האָב איך עפּעס אַן אַנונג וועגן בריקן.

האָב איך אים געענטפערט ווי דער רייבער אמת איז, אַז וועגן בריקן בכלל ווייס איך זייער ווייניק, נאָר גראָד וועגן דער „דזשאָרדזש וואַשינג־טאָן" בריק האָב איך אַמאָל געלייענט אַן אַרטיקל און האָב אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן איר. אַז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן ווי צור־געקלעפּט צו מיר, מיך באַוואָרפן מיט פאַרשיידענע פראַגן און געוואָלט הערן מיין מיינונג וועגן דער בריק.

האָב איך אים געזאָגט, אַז לויט ווי איך האָב געלייענט, איז דאָס איי־נע פון די בעסטע בריקן אין ניו־יאָרק. געבויט פון אַן אינזשיניער מיט אַ גרויסן קאָפּ. זי האָט געקאָסט אַ סך מיליאָנען און האָט אַ סך אויפגע־טאָן צו פאַרלייכטערן דעם פאַרקער איבערן האָדסאָן.

האָט ער אויף מיר געגעבן אַן אומהיימלעכן קוק. זיין פּנים איז גע־וואָרן פינצטער, מיט אַ גרימאַסע פול מיט סקעפּטיציזם און חוזק, ווי ער וואָלט מיך פאַרדעכטיקט אין עפּעס און ער האָט זיך צו מיר אָפּגערופן:

— אמת, — האָט ער פאַוואָליע געצויגן די ווערטער, — אמת איז, אַז אינגאַנצן אַוועקמאַכן מיט דער האַנט קען מען די בריק אויך ניט. ס'איז אַ גאַנץ וואַזשנע בריק, אָבער, ס'איז ניט געפערלעך! פאַראַן אין ניו־יאָרק גרעסערע, בעסערע און שטאַרקערע בריקן, פונדעסטוועגן מאַכט מען ניט מיט זיי אַזאַ גרויסן צימעס ווי מיט אָט דעם בריקל! . . . ס'קען זיין, — זאָגט ער, — ווען זי הייסט ניט נאָך אַזאַ גרויסן פּרעזידענט ווי וואַ־שינגטאָן, וואָלט מען גאָר אינגאַנצן ניט געהערט פון איר און זי וואָלט גע־שטאַנען און געפּוסטעוועט! . . .

געפינען איך זיך שוין אַביסל געטראָפן וואָס ער איז מבטל אַזאַ באַ־רימטע בריק, נעם איך אַן אַ קעמפערישן טאָן און זאָג:

— פונקט פאַרקערט, טאַקע דערפאַר, ווייל ס'איז אַזאַ גרויסע, שיי־נע און שטאַרקע בריק, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן נאָך אַזאַ באַרימטן פּרעזידענט. מ'וועט דאָך ניט גיין רופן עפּעס אַ פאַרזשאַוועט בריקל נאָך אונזער ערשטן פּרעזידענט!

זאָגט ער צו מיר, שוין אין אַ גאַנץ בייזן טאָן:

— עס געפעלט מיר ניט אייער גאַנצער צוגאַנג צו דער פראַגע! עפּעס נעמט איר זיך מיר צופיל אָן פאַר אָט־דעם בריקל! זאָגט מיר נאָר, — קוקט ער מיר פאַרדעכטיקט אַריין גלייך אין די אויגן, — זאָגט מיר נאָר, האָט איר ניט אַמאָל עפּעס פּראָפּערטי, אַ קענדי־סטאָר, אָדער עפּעס אַ סטענד ביים אַריינגאַנג פונעם בריקל און דערפאַר מאַכט איר אַזאַ צי־

מעס פון דעם אויך־מיר־בריקל ? אַז איך האָב אים שטאַרק פאַרזיכערט, אַז ניין, איז ער געוואָרן מילדער און געזאָגט :

— אַזוי אַז איך זע אַז מ׳קען אייך געטרויען, וועל איך אייך דער־ציילן פאַרוואָס איך וויל הערן אייער מיינונג. פון אָנהויב האָב איך אויך געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ גוואַלדאָוונע בריק, אָבער אַז כ׳בין אַרונ־טערגעפאָרן דאַון־טאַון, באַטראַכט די אַנדערע בריקן, האָב איך ערשט דערזען, אַז דאָס בריקל איז גאָרניט מיט גאָרניט ! ס׳איז, זאָלט איר מיר מוחל זיין, אַ בלאָף גדול ! ווי קומט עס צו יענע בריקן ? !

— ערשטנס, — צערעדט ער זיך שוין ווי אַ פּאַכמאַן, — ערשטנס, זיינען יענע בריקן טאַקע געמאַכט סאָליד, ווי מ׳פלעגט אַמאָל מאַכן. געגנו־מען זיך צייט, ניט ווי היינט, מ׳דזשאָבעט צוזאַמען אַ בריקל איבער נאַכט! צווייטנס, גיט אַ קוק אויף יענע בריקן וועט איר זען, אַז מ׳האָט ניט גע־זשאַלעוועט קיין שטיקל אייזן. אדרבה, גיט אַ קוק אויף יענע בריקן וועט איר זען אַ געפלעכט פון אייזנס, ווי שפּינוועב, מיט גראָבע שטריק ! איך האָב אויסגעמאָסטן יענע בריקן אין דער לענג און אין דער ברייט, זיינען זיי אפשר צען מאָל אַזוי גרויס. אַ סימן האָט איר טאַקע, אַז אויף יענע בריקן פאָרן סאָבוויס, עלעוויטאָרס, קאַרס, באָסעס, טראָקס, פושקאַרטס, בייסיקלס און וואָס ניט ? ! אָבער דאָ, אויף דעם מ׳שטיינס געזאָגט בריקל, איז מער ווי די עטלעכע אויטאָמאָבילן זעט מען ניט ! . . .

— און, — גיט ער מיר ווייטער צו פאַרשטיין, — און וואָס איז דער וואונדער ? יענע בריקן זיינען דאַון־טאַון אינעם סאַמע ביזעסטן סעקשאָן און דאָס בריקל איז ערגעץ אין אַ העק און עק וועלט. ווער, איך בעט אייך, וועט דאָס אַהער פאָרן ? מ׳דאַרף דאָך זיין משוגע ! דערפאַר איז טאַקע דאָרט ביזע אַלעמאָל און דאָ — איר זעט דאָך ! . . .

— און ס׳שענסטע, — בייזערט זיך שוין דער איד, — ס׳שענסטע איז וואָס אָנשטאָט אָט־דאָס בריקל זאָל זיין צופרידן, וואָס מ׳פאָרט כאָטש אַביסל דערויף און מ׳לאָזט עס ניט אינגאַנצן פאַרזשאַווערט ווערן, נעמט מען און מ׳רעכנט נאָך דערויף פופציק סענט פאַר אַריבערפאָרן ! איר הערט ? פופציק סענט ! ס׳איז דאָך פשוט׳ע גזילה ! אויף אַזעלכע ריזיקע בריקן, וועלכע ליגן אינעם סאַמע ביזעסטן סעקשאָן פאָרט מען אומזיסט און אויף אָט־דעם סמאַרקאַטן בריקל, וואָס ליגט ערגעץ אין אַ העק, רייסט מען פונעם עולם גאַנצע פופציק סענט פאַר אַריבערשלעפן זיך ! אַזאַ סקאַנדאַל !

— איז מיר איינגעפאַלן, — שושקעט ער מיר אין אויער אַריין, — אַ פּלאַן צו עפענען דאָ אינעם געגנט נאָך אַ בריקל און רעכענען בלויז 25

סענט. איך בין זיכער, אַז דאָס וואָלט געווען אַ סוקסעס! איר הערט, ווען איך שטעל מיך דאָ אַוועק מיט אַ בריקל און גיב טאַקע סוירוויס, ווייז איך אייך, אַז אין נאָו טאַים וואָלט אָט־אָדאָס־אָ פאַסקודנע בריקל גענומען פוס־טעווען און ס׳וואָלט פאַרזשאַווערט געוואָרן!

— און געמאַכט, — זאָגט ער, — וואָלט איך מיין בריק טאַקע דאָ ניט ווייט, אינגאַנצן אַ פּאָר בלאָק פון דאַנען, נעענטער צו דאַון־טאַון, אַזוי אַז די אויטאָמאָבילן זאָלן פריער דורכפאָרן מיין בריק און איך זאָל קריגן דעם גאַנצן טרעיד. איר מיינט, אַז פּאָר 25 סענט אַן אויטאָמאָביל קען מען בדלות ווערן? מ׳קען ביי דעם אייך מאַכן אַ שיין לעבן! די הויפּט־זאַך, מ׳זאָל געבן סוירוויס מיט אַ שמייכל, ניט ווי די אָנגעבלאָזענע גוים, וואָס שטייען און שפּייען טשו־טאַבעקאָ און נעמען צו דעם האַלבן טולער, ווי עס וואָלט זיי געקומען! . . .

— נו, און געלט צו מאַכן אַזאַ בריק, האָט איר? — פרעג איך אים.

— איר פרעגט, — מאַכט ער, — ווי אַ קינד! וואו האָט איר געזען, אַז ווען אַ איד עפנט אַ ביזנעס זאָל ער האָבן ס׳גאַנצע געלט?! אַ פּאָר טולער האָב איך אייגענע, צוויי פּאָליסיס האָב איך, קען איך אויף זיי קריגן אַ פּאָר טולער, מיין אידענע האָט אַביסל דזשולערי און מיין שוועס־טער האָט געהאַט אַן עקסידענט, געקראָגן אַ שיינע פּאָר טולער, וועט זי זיי מיר אַוועקבאָרגן. אין דער מאָריס פּלאַן בין איך גוטסטענדינג און אויפן איבעריקן וועל איך אַרויסנעמען אַ מאָרטגיידזש און וועל עס צוביס־לעך אויסצאָלן. און אַזוי וועל איך מיר האָבן אַ שטיקל פּרנסה אויף די עלטערע יאָרן און ניט דאַרפן אָנקומען צו די קינדער! . . .

— מיין אידענע, — זאָגט ער ווייטער, — רייסט זיך די האָר פון קאָפּ. וואָס הייסט, — שרייט זי, — דו גייסט אינוועסטן די פּאָר דאָלאַר אין אַ בריק! וואָס ווייסטו וועגן בריקן? מען וועט דאָך ביי דיר אויס־נאַרן יעדע פּעני! האָסט שוין פאַרגעסן ווי דו האָסט איינגעהאַנדלט אַ פּינאַטס־סטענד און געוואָרן אַ גאַנצער קנאַקער? ביזט געשטאַנען טאָג־און־נאַכט און אַליין געקנאַקט דעם פּינאַטס?!

— האָב איך איר, — מאַכט ער, — אויפגעוויזן, אַז דאָס מאָל וועט מען מיך שוין ניט אָפּנאַרן, ווייל כ׳האָב גוט באַטראַכט די בריק, געזען די אַנדערע בריקן און וויס שוין וועגן בריקן מער ווי דער גרעסטער אינ־זשעניער! די קינדער, זעט איר, האָבן גראַד געהאַלטן מיט מיר. — וואָס אַרט עס דיך, — האָבן זיי צו איר גע׳טענה׳ט, — זאָל ער מאַכן אַ בריק. ער האָט דאָך סיי־ווי גאָרניט וואָס צו טאָן . . .

ס׳איז אַוועק אַ שטיקל צייט, האָב איך דעם איד פאַרלאָרן פון אויג.

איך האָב אים אַרומגעזוכט אינעם געגנט, אפשר האָט שוין דער איד ער־געץ אויפגעשטעלט אַ בריקל, אָבער מער ווי די אַלטע בריק האָב איך ניט געזען.

ניט לאַנג צוריק טראָג איך אַריין אַ פּאָר הויזן צום שניידער צום פרעסן, איך גיב אַ קוק, דער איד זיצט איינגעבויגן און פּאַריכט אַ פּאָר אַלטע הויזן. ער האָט זיך מיט מיר זייער שטאַרק דערפרייט און איך בין אויך געווען צופרידן פון דער באַגעגעניש. אַז איך האָב אים געפרעגט, מער מיט די אויגן, ווי מיטן מויל, ווי אַזוי ער קומט אַהער, האָט ער גע־געבן אַ זיפץ און געזאָגט:

— איר ווייסט דאָך, אַ אידענע, איז זי איינגעשפּאַרט ווי אַן אייזל! כ'האָב מיט איר גערעדט און זי האָט ניט געוואָלט לאָזן אינוועסטן ס'געלט. ביז אַמעריקע איז אַריין אין דער מלחמה און ס'איז געוואָרן אַ דוחק אויף אייזן. מ'דאַרף עס פאַר היטלער'ן ימח שמו. נו, וועט מען מיר געבן אייזן פאַר אַ בריק? לאָמיר זאָגן, אַז כ'וואָלט שוין צוזאַמענגעקראַצט ס'ביסל אייזן פאַר אַ בריק, איז דאָך ניטאָ קיין טייערס און קיין געז און די אויטאָמאָבילן שטייען אין די גאַראַדזשעס. נו, וועל איך מיך פונקט איצט אַוועקשטעלן מיט אַ בריק, אַז זי זאָל שטיין און זשאַ־ווערן?!

— איצט, — זאָגט ער, — שרייט זי, אַז ווען ניט זי וואָלט איך גע־ווען געסטאָקט פונקט ווי מיטן פינאַטס־סטענד. און זי איז גערעכט אויך... נאָר מ'האָפט דאָך, אַז די מלחמה וועט זיך אַמאָל ענדיקן, איז כדי די פּאָר טולער זאָלן זיך ניט צעקריכן, האָב איך דערווייל געמאַכט אָט־די קליינינג־סטאַרקע און געלויבט איז דער אויבערשטער, מ'מאַכט אַ לעבן.

— איר הערט, — פּאַרטרויט ער מיר אַ סוד, — איך בין לעצטן זונטיק געשטאַנען אפשר אַ האַלבן טאָג ביים אַריינגאַנג פונעם בריקל און געציילט די אויטאָמאָבילן. כ'זאָג אייך, ס'איז געווען אַ רחמנות אויף די גויים! אפשר האַלב טרייד האָבן זיי פאַרלאָרן און כ'האָב מורא, אַז היינט־מאָרגן, וועלן זיי עס מוזן פאַרמאַכן. פויל איך זיך ניט און גיי צו צו איי־נעם פון די גויים און פרעג אים:

— האַו איז ביזנעס?

קוקט ער מיך אָן מיט אַ מערדעריש פנים, גיט אַ שפּיי אויס אַ פול מויל מיט טשו־טאַבעקאָ און גיט זיך אַ זאָג:

— אָ, קעי!

— טראַכט איך, — זאָגט דער איד, — אַזאַ יאָר אויף דיר, וואָס פאַר אַן אָ קעי ס'איז! ניט לענגער זאָל זיך היטלער מוטשען, ווי לאַנג דו'סט

נאָך שטיין דאָ! און אַזוי ריידנדיק האָב איך אים דערלאַנגט מיין קאַרטל פונעם קליבינג־סטאָר און אים געזאָגט, אַז טאָמער וועט ׳עס האַלטן שמאָל מיטן בריקל, זאָל ער צוקומען צו מיר און מיר וועלן שוין ווי ס׳איז דורכ־קומען . . . גיט ער אויף מיר אַ שאַרפן קוק, שיסט אויס מיט אַ היבכן גוי׳אישן געלעכטער און גיט אַ שפיי אויס איין וואָרט:

— נאָטס!

— טראַכט איך, — זאָגט ער, — לאַך, לאַך, דו גוי׳אישער קאָפּ! ס׳טלאָבן מיט יאַשטשערקעס! . . .

— איצט, — מאַכט דער איד ווייטער, — איצט וואַרט איך, אַז ס׳בריקל זאָל זיך פּאַרקויפן אויף אַ סעיל, וואָלט איך עס אָפּגעקויפט און פאַרשפּאַרט זיך צו באַדערן מיט אייזן, האָבן צו טאָן מיט אינזשעניערן, מיט דער גאָווערמענט. איך וואָלט דאָס בריקל איבערגענומען און זיך באַלד אַוועקגעשטעלט לייזן געלט . . .

— און לאָמיך אייך זאָגן, — רעדט ער שוין מיט באַגייסטערונג, — אַז איך בין זיכער, אַז מ׳וואָלט מיך פאַרט פּאַטראָנאַיזד! ערשטנס, קען מען מיך דאָ אינעם נעיבאָרהוד. צווייטנס, וואָלט איך טאָקע גערעכנט העלפּט געלט און דריטנס, וואָלט איך טאָקע געגעבן סוירוויס! איך וואָלט געקענט באַשטיין. איך וואָלט דאָך ניט באַדאַרפט אַוועקצאָלן אַזעלכע געזונטע ווידזשעס צו פרעמדע גויים! איך אַליין וואָלט מיך אַוועקגע־שטעלט פון איין זייט בריק, די אידענע אין דער צווייטער זייט און די טאָכטער מיטן ליבן שמייכל וואָלט יעדן אויטאָמאָביל־פאָרער באַגריסט און איך בין זיכער, אַז מיר וואָלטן געצויגן אַ קראָוד! . . .

— און דאָס וויכטיקסטע, — ווערט ער צעפלאַמט, — איז, וואָס כ׳וואָלט ס׳בריקל אַביסל אויפגעפּיקסט! ס׳איז דאָך אַזוי אָפּגעלאָזן! כ׳וואָלט עס אַביסל אויסגעקערט, אָפּגעווישט דעם שטויב, שפּעטער אַביסל וואָלט איך עס אָפּגעפאַרבט אויף רויט, כדי מ׳זאָל עס זען פונדערווייטנס און מיין אידענע וואָלט נאָך אויפגעהאַנגען אַ פּאָר רויטע קוירטנס און אויפגעהאַנגען, ביים סאַמע אַריינפאָר, פּרעזידענט רוזוועלט׳ס בילד; הכלל, וואָס איז דאָ פאַראַן צו ריידן, זאָל נאָר קומען דערצו, וועט איר ס׳בריקל ניט דערקענען! . . .

:: :: ::

אידן, אַז איר ווערט אַמאָל זען, אַז די „דזשאָרדזש וואַשינגטאָן" בריק איז אָפּגעפאַרבט אויף רויט, זאָלט איר וויסן, אַז דער איד האָט זי שוין איבערגענומען און ס׳קאָסט שוין בלויז 25 סענט אַריבערצופאָרן! . . .

# פאַרוואָס איך שרייב ניט

מאַסן אידן שלעפּן מיך ביי דער פּאָלע און רייסן פון מיר שטיקער און שרייען: — געוואַלד! געוואַלד, ווי קומט עס אַז אַ מענטש מיט אַזאַ ריזיקן הומאָריסטישן טאַלאַנט ווי איר האָט, זאָל אַזוי אַנטשוויגן ווערן און פאַר אַזאַ לאַנגער צייט ניט נעמען קיין פעדער אין האַנט אַריין?!

גיין דערציילן מיינע פריינט דעם ריינעם אמת, שטייט מיר ניט אָן. אַ שיין פּנים וועל איך האָבן, אַז איך וועל פאַרלירן מיין ברעקל רעפּוטאַציע, וואָס איך האָב מיר מיט שווערער מי און ביטערן שווייס אויפגעבויט! נו, האָב איך אויף דעם אַ פּאַרטיקן תירוץ. איך שטעל אָן אַן ערנסט, טרויערדיק פּנים און זאָג:

— איר ווייסט דאָך, די איצטיקע לאַגע אויף דער וועלט! די מענטשהייט האָט זיך געבאָדן אין בלוט. זעקס מיליאָן אידן האָט מען אויסגעהרג׳עט, טאָ ווי קען מען שרייבן הומאָריסטישע זאַכן?

שאָקלען די אידן מיט די קעפּ:

— טאַקע, טאַקע! איר האָט טאַקע רעכט, וויי איז מיר!...

אָבער אייך, מיינע ליבע לייענער, מעג איך דאָך דערציילן דעם אמת. און דער אמת איז, אַז כאָטש די צרות האָבן מיך טאַקע צעבראָכן, איז עס פּאָרט ניט די אמת׳ע אורזאַך פון מיין ניט שרייבן. ווייל, ווי איר וועט זיך דערמאָנען, האָב איך דען דעמאָלט ווען ס׳איז געווען גוט אויף דער וועלט, יאָ געשריבן? הכלל, דער ריינער, אמת׳ער אמת איז, אַז איך שרייב ניט, ווייל איך בין פּראָסט און פּשוט — פויל!...

פוילקייט, מיינע ליבע לייענער, איז אַזאַ מין קראַנקהייט, וואָס אַז זי כאַפּט זיך אַריין אין אַ מענטשן, צעגיסט זי זיך איבערן גאַנצן אָרגאַניזם און איר פילט אַזאַ מין זיסע מידקייט, אַז ס׳ציט אייך אין פּאַרק אַריין, אין קאַפע, אין די מואַוויס, שפּאַצירן אין גאַס און צוזען און הנאה האָבן ווי מענטשן האָרעווען נעבעך און איר גייט זיך אַרום לײדיק, ס׳ציט אייך אין בעט אריין, ס׳ציט אייך איבעראַל, אַ חוץ — צו דער אַרבעט! איך האָב שוין דערגרייכט צו אַזאַ שטופע, אַז איך פויל זיך שוין אַפילו צו פוילן אויך!....

נאָר צו איין פלאַץ האָט נאָך די פוילקייט זיך געפוילט צו דערגרייכן ביי מיר און דאָס איז: צו דער טראַכט־מאַשינקע מיינער...

טראַכטן קען איך אייך נאָך טראַכטן וויפיל איר ווילט. כ׳קען אייך

אויסטראַכטן יעדן טאָג כאָטש איין הומאָריסטישע קונסטשטיק. ווען מ׳וואָלט געקענט, גייענדיק אין גאַס, זיצנדיק אין פּאַרק אָדער אין קאַפע, אין די מאַשינען אָדער ליגנדיק אין בעט, אַזוי גלאַט זיך אַריינטראַכטן גלייך אין דער רעדאַקציע אַריין, אַה באַי! דעמאָלט וואָלטן אַלע צייטונגען געווען פול מיט מיר!...

אָבער אַז איך דערמאָן זיך, אַז כדי דאָס טראַכטעניש אויפצושרייבן אויף פּאַפּיר דאַרף מען זיצן אין אַ צימער און שטונדן־לאַנג זיצן און קנייטשן דעם שטערן, שרייבן, מעקן און נאָכאַמאָל איבערשרייבן און ליגן איינגעלייגט, ניט זען די ליכטיקע וועלט, דערנאָך ערשט דאָס אָוועקטראָגן צום רעדאַקטאָר, וואַרטן עטלעכע וואָכן ביז ער וועט זיך דערמאָנען און מיר זאָגן, אַז — ס׳איז צו גוט פאַר זיינע לייענער, אָדער — גאָר פּשוט, אַז ס׳טויג אויף כפּרות און מיר הייסן ברענגען עפּעס אַן אַנדערע זאַך, אַ זאַך וואָס זאָל זיין ניט צו גוט און ניט צו שלעכט, זאָט אַזוי פּונקט אינמיטן, פּונקט, ווי למשל איינער גייט אויף אַ דראָט, אַז איך דערמאָן זיך אָן אָט־די אַלע זאַכן, כאַפּ איך זיך בידאַי אָן אין די צרות, וואָס גאָט האָט אַראָפּגעלאָזן אויף אידישע קעפּ, כדי איך זאָל האָבן אַ תירוץ — זיך צו פוילן!...

ביטער און פינצטער איז מיר נאָר ווען מ׳שטעכט מיר די אויגן מיט מיין קאָלעגע פּיוויש.

מיין פריינט פּיוויש איז איבעראַל פאַרטראָטן. וואו מ׳מאַכט נאָר אויף אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, אַ וואָכנבלאַט, אָדער סיי וועלכע זאַך וואָס מאַכט זיך נאָר אויף, דערזעט איר דאָרט באַלד זיין נאָמען. און פאַרטראָטן איז ער מיט איינאַקטערס, מיט צוויי אַקטערס, הומאָרעסקעס, מאָנאָלאָגן, בעקראָלאָגן, עפּיזאָדן, באַלאָדן, סערענאַדן, לידער, פאַבלען, אַלטע וויצן, בקיצור: מיין קאָלעגע פּיוויש׳עס טאַלאַנט האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער פרעסע ווי אַן עפּידעמיע און אַז אידן שטעכן מיר אויס די אויגן און ווייזן מיר: — אָט־דאָס הייסט אַ טאַלאַנט! פאַרוואָס האָט ער איבער וואָס צו שרייבן! אַז מ׳ווייזט מיר דאָס, צעברענט זיך אין מיר די קנאה און ס׳איז מיר ביטער ווי גאַל!...

איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַריבערצוגיין צו מיין קאָלעגע פּיוויש און פּרואוון ביי אים אויסגעפינען דעם סוד, פונוואַנען ער שעפּט זיין באַגייסטערונג צו פאַרשרייבן אַזוי פיל פאַפּיר?...

זיצנדיק ביי אים אין הויז ביי אַ גלעזל טיי, גיב איך זיך אַזוי אַ זאָג צו אים:

— דיר, ברודערקע, איז גוט ווי די וועלט! דיר קומט דאָס שרייבן

אַן לייכט, אַ מחיה! עס שטראָמט פון דיר ווי פון אַ קוואַל. שרייבסט אויף טיש און אויף בענק! מ'זעט דיך אין אַלע צייטונגען און זשורנאַלן! זעסטו מיר, קומט אַן מיט דער גרינער גאַל זיך אַוועקצוזעצן און שרייבן! אַך, וואו נעמט מען דיין כוח! איך בין דיך פשוט מקנא! . . . וואו קריגט מען פון ערגעץ אַרויס דעם סוד פון דיין פּראָדוקטיוויטעט?

גיט מיין קאָלעגע אַ פאַרצווייפלטן זיפץ און זאָגט:

— דו זאָגסט, אַז כ'האָב אַ קוואַל. ס'גייט ביי מיר לייכט. דו ווילסט וויסן דעם סוד פון מיין פּראָדוקטיוויטעט? דער סוד איז זייער אַ ביטערער. דער סוד איז, אַז ס'איז פשוט'ע האָרעוואַניע! איך אַרבעט אויף מיינע זאַכן שווער און ביטער, באַגיס זיך מיט שוויס, ליג איינגעלייגט בייטאָג און ביינאַכט אין הויז און זע ניט די ליכטיקע שיין. אָט דאָס, מיין פריינט, איז דער גאַנצער סוד! מיין ווייבל גייט אַרום איבעראַל אַליין, ווי זי וואָלט, חלילה, געווען אַן אַלמנה. אינגאַנצן בין איך פריי איין טאָג אין וואָך, מיטוואָך, שרייב איך יענעם טאָג. און יעדן אָוונט קום איך אַהיים פון דער אַרבעט זיבן אזייגער, איז ווי נאָר כ'טו אויס ס'רעקל, זיץ איך שוין ביים שרייב־טיש און — שרייב! אָט, למשל, זיץ איך און פאַרברענג היינט מיט דיר, וועט מיר שוין היינטיקע וואָך פעלן אַ הומאָרעסקע אין דער „קאָטשערע" און מיין שונא, ש. כראַק, וועט דאָרט פאַרכאַפּן מיין פּלאַץ!

פון דעמאָלט אָן היט איך מיין קאָלעגע פּיוויש ווי אַן אויג אין קאָפּ. יעדעס מאָל ווען ער קומט פון דער אַרבעט טרעפט ער מיך שוין זיצן אין זיין הויז און וואַרטן אויף אים. מיר טרינקען טיי, רעדן רכילות, אַ סך מאָל ברענג איך מיט מיין ווייבל, צו וועלכער מיין קאָלעגע האָט אַ שוואַכקייט... און מיר פאַרנאַרן אים אויף אַ שפּאַציר, אָדער אין די מואוויס און אַזוי הרג'ע איך אים אַוועק יעדע פרייע מינוט און דער נאָמען פּיוויש איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער אידישער פּרעסע! אַנשטאָט ער זאָל מיר איבערגעבן דעם סוד פון זיין פּראָדוקטיוויטעט, האָב איך אים אָנגעשטעקט מיט מיין פוילקייט! . . . און אַז אידן פרעגן מיך איצט פאַרוואָס איך שרייב ניט, ווייז איך זיי אָן:

— איר מיינט, אַז איך בין איינער וואָס שרייבט ניט? אָט נעמט מיין קאָלעגע פּיוויש, אַזאַ ריזיקער טאַלאַנט, האָט פאַרפלייצט די גאַנצע אידישע פּרעסע, פונדעסטוועגן איז ער איצט שטום ווי אַ פיש! צרות, אידישע צרות, פאַרשטייט איר מיך — צרות לאָזן ניט שרייבן קיין הומאָר! . . .

# 100 יאָר „פאָרווערטס"

(געשריבן צום פופציק־יאָריקן יובליי־נומער „פאָרווערטס"
דעם 25טן מאַי, 1947)

פונקט אין פופציק יאָר פון היינט וועט דער „פאָרווערטס" פייערן זיין 100־יאָריקן יובליי. דאָס וועט זיכער זיין אַ גרויסער יום־טוב, אָבער ניט אַזוי גרויס ווי דער היינטיקער, ווייל מיר, די גלאָוונע מחותנים, וועלן שוין ליגן אין אונזער אייביקער רו און מען וועט זיך בלויז דערמאָנען אָן אונז ביי אַ פייערונג, אָדער ווען עס וועלן זיין צרות.

די צוקונפטיקע 50 יאָר וועלן מיט זייער האַסטיקן טעמפאָ זיכער איבערשטייגן די טויזנטער יאָרן ביז איצט. וואָס עס האָט אונז באַדאַרפט נעמען טויזנט יאָר, וועלן מיר — אין די 50 יאָר — דורכפירן אין משך פון וואָכן.

נאָכדעם ווי מיר וועלן דורכמאַכן עטלעכע אַטאָמישע מלחמות, וועט אונזער לעבן צוריקגיין דאָרט, פון וואַנען עס אָט זיך אָנגעהויבן, אין דער הייל אַריין! מיר וועלן ווערן מאָדערנע הייל־מענטשן, ווייל דאָרטן וועלן זיין אַלע מאָדערנע פאַבריקן, ראַדיאָ־סטאַנציעס, טעאַטערס, מוזעאומס, דעפּאַרטמענט־סטאָרס, צייטונגען און האָטעלן. בקיצור: אונזער גאַנ־צער מאָדערנער לעבן.

מיר וועלן ליגן טיף אין דר'ערד ווי ווערים און מורא־האָבן פאַר אַ ליכט־שטראַל, אָבער אונזער פאַנטאַזיע וועט שוועבן אין די הימלען. מיר וועלן זיך קליידן אין נאַילאָן, זיך צוהערן צו געטלעכער מוזיק, באַנוצן אַ פאָעטישע שפּראַך, זיך שפּייזן מיט טאַבלעטן פון קאָנדענסירטע שפייז, זיך וואַרעמען ביי קאָנסערווירטע זונען־שטראַלן. אַ לבנה וועלן מיר מאַכן פון נעאָ־ליכט, און שטערן — פון פייער־ווערק.

מיר וועלן אָפּשאַפן די פיר יאָר־צייטן — פרילינג, זומער, האַרבסט און ווינטער — און יעדער בירגער וועט האָבן איינגעאָרדנט אין זיין קער־פּער אַן אָטאָמאַטישן טערמאָמעטער, וואָס וועט רעגולירן פאַר אים די טעמפּעראַטור.

מיר וועלן דורכמאַכן אַ פּלאַסטישן פּעריאָד, וואו מענטשלעכע אברים וועלן פּראָדוצירט ווערן צו אַזאַ פּערפעקציע, אַז יעדער וועט אין אַ צענד־סענט סטאָר זיך קענען קויפן נייע אברים, און די אָפּגענוצטע אַריינוואַרפן אין מיסט־קאַסטן.

## הירש רייף

די כירורגיע וועט דערגרייכן צו אַזאַ פּולקאָמענהייט, אַז די גרעסטע אָפּעראַציעס וועלן געמאַכט ווערן בשעת מ׳וועט שפּילן אַ שאָך, אָדער ביים עסן פרישטיק.

אַלעס וועט פאַבריצירט ווערן פון מאַשינען אָן דער הילף פון מענטש־לעכע הענט. עס וועלן זיין מאַשינען, וואָס וועלן פּראָדוצירן מאַשינען, און ראָבאָטס, וואָס וועלן די מאַשינען רעגולירן.

מענטשלעכע הענט וועלן ווערן אומנויטיקע אברים, און יעדער פינ־גער, כדי צו האָבן אַן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, וועט זיך מוזן צופּאַסן צו טאָן אַ נוצלעכע אַרבעט, ווי, למשל: איין פינגער וועט זיין אַ פּאָונטען־פּען; דער צווייטער, אַ קאַן־עפּענער; דער דריטער, אַ שרויפּנציר, אַ צאָן־בערשטל, אַ ראַזיר־מעסער, אַ נעגל־פּאַיל. און טאָמער וועלן בלייבן אַ פּאָר איבעריקע פינגער, וועט מען זיי נוצן זיך צו קראַצן אין פּאַטיל־ניצע, אָדער פאַר נאַראָנים, ווען מען וועט זיי דאַרפן אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל . . .

נאָכדעם ווי מיר וועלן שוין האָבן אויסגעבויט שטעט און לענדער אונטער דער ערד און זיין פאַרזיכערט קעגן אַטאָמישע מלחמות, וועלן מיר די אַטאָמישע באָמבעס פאַרקויפן אין ברוך, אָדער זיי געבן צו קליינע קינ־דער זיך צו שפּילן מיט זיי . . .

דערנאָך וועלן זיך אָנהויבן אַ ריי נייע מלחמות — מלחמות מיט קאָס־מישע שטראַלן, מיט ווינטן, מיט טאָרנאַדאָס, מיט הוריקאַנען, מיט דונערן און בליצן, מיט ערד־ציטערנישן, מיט פייער־שפּייענדיקע בערג, אָדער מיט אַ רעגן פון מעטעאָרן, מיט קאַנסער־באַצילן און גיפטיקע גאַזן. און טאָמער וועלן מיר זיך אַרונטערלאָזן צו־טיף אינעם טראַכט פון דער מו־טער־ערד, וועלן אונזערע שונאים איינשפּאַנען די ים׳ען און די טייכן, פאַרוואַנדלען די וואָלקנס אין אַ מבול און פאַרוואַסערן אונזערע אונטער־ערדישע שטעט, און מיר וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין סובמאַרינירטע שפּייז פאַר די פיש . . .

אַלע נאַציאָנאַלע, אימפּעריאַליסטישע, קלאַסן־ אָדער ראַסן־מלחמות וועלן זיין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. עס וועלן אויפשטיין פּלאַנעטן־מלחמות; מיר וועלן האַלטן מלחמה מיט דער זון, מיטן מאַרס, מיטן יו־פּיטער, און פּונקט ווי הייַנט, וועלן דאַן אויך זיין „גרויסע פיר" און וועלן האַלטן קאָנפערענצן אויפן מאַרס ווי אַזוי זיך צו צעטיילן מיט די קלענע־רע פּלאַנעטן. פּונקט ווי הייַנט, וועלן זיי ניט געטרויען איינער דעם צוויי־טען און האַלטן בסוד די נייע וואָפן און געהיימע פּלענער, ביז זיי וועלן זיך צע׳הרגע׳ענען, פאַרניכטן איינער דעם צווייטן. דערנאָך וועט אויס־

## לחיים אידן

ברעכן אַ מלחמה צווישן די געטער, און אויך זיי וועלן זיך פאַרניכטן איי־נער דעם צווייטן, און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז העט, העט, אין ווייט־ווייטן גאַרניט אַריין!

דאָס אידישע פאָלק וועט נאָך אַלץ ניט האָבן קיין שטיקל טעריטאָ־ריע. די טירן פון אַלע פּלאַנעטן וועלן זיין פאַרהאַקט מיט שטיינערנע געזעצן, און צווישן די פּלאַנעטן־מלחמות וועלן די אידן צעמאָלן ווערן ווי שטויב און וועלן דערצו נאָך באַשולדיקט ווערן אין פאַראורזאַכן די מלח־מות. אָבער די אידן וועלן פאַר'עקשנ'ט אַרומשוועבן מיט זייער תורה'לע איבעם אוניווערז, זיך ניט לאָזן פאַרניכטן און זיך קלאַמערן אין דער איי־ביקייט! . . .

דער „פאָרווערטס" וועט נאָך עקזיסטירן. אָבער אויך די פאָרם פון „פאָרווערטס" וועט זיך בייטן. עס וועט ניט זיין מער קיין רעדאַקטאָר מיט קיין רעדאַקציע, מיט קיין דרוקעריי, מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג, נאָר יעדער מיטאַרבעטער וועט זיצן ביי זיך אין הויז און אַריינטראַכטן גלייך אין רעדאַקציע אַריין. דאָרט וועלן אָטאָמאַטישע מאַשינקעס אָפּ־פאָטאָגראַפירן יעדן געדאַנק גלייך אין „פאָרווערטס" אַריין. שרייב־מאַ־שינקעס און פאָונטען־פּענס וועלן זיין אַלטמאָדישע אַנטיקן, וועלכע מ'וועט ווייזן אין דער „איוואָ" . . .

ווען אַלעס וועט שוין זיין רואינירט, אָפּגעווישט און פאַרניכטעט, וועט אויפשטיין אַ נייער דור און עס וועט זיך באַווייזן פאָלגנדיקער אַנאָנס אין „פאָרווערטס":

„עס האָט זיך געגרינדעט אַ נייע אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „אינ־טערנאַציאָנאַלע פּלאַנעטן ליג", מיטן צוועק אָפּצושאַפן מלחמות. מענטשן מיט אַ פונק מענטשלעכקייט זייען געבעטן זיך אָנצושליסן אין אונזער אָרגאַניזאַציע. אונזערע מיטינגען ווערן געהאַלטן יעדן שבת אָוונט, איבעם גרויסן פּלאַניטאַריום־זאַל. מוזיק, רעפרעשמענטס און פרייע דיסקוסיע. קומט אין צייט" . . .

דאָס וועט זיין דער אָנהויב פון אַ נייער צייט. עס וועלן זיך גרינדן נייע פּאַרטייען, נייע באַוועגונגען, קולטורעלע, פּאָליטישע, רעליגיעזע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע געזעלשאַפטן, מיט נייע פּאַנען, מיט נייע רע־וואָלוציאָנערע לאָזונגען און נייע לידער. דערנאָך וועלן זיך יאָוון אַלער־ליי „איסטן". מ'וועט אָנהויבן צו דעבאַטירן זיך זידלען, ביז מ'וועט זיך צעשפּאַלטן, און די געשפּאָלטענע וועלן זיך ווידער שפּאַלטן, און אַזוי און ווייטער, אָן אַן עק און אָן אַ סוף! . . .

און מיר וועלן זיך דאַן ליגן ווי די גראַפן און חלומ'ען אייביקע חלומות! . . .

# איך גיי אין צירק

ס'איז אַפילו אַ שאַנד צו דערציילן, אָבער צוליב דעם פינצטערן אמת מוז איך זיך מודה זיין פאַר אייך און אייך זאָגן, אַז איך האָב ליב צו גיין אין צירק! איר וועט אַוודאי לאַכן, אָדער אפשר זיך באַליידיקן, וואָס איך, אַזאַ גרויסער, דערוואַקסענער, אינטעליגענטער איד, וואָס שרייבט אין די גאַזעטן, מאַך זיך נאַריש, לייג אַוועק אַלע אָנגעוויטיקטע פּראָבלע־מען אָן אַ זייט און הייב זיך אויף אינמיטן טאָג און גיי אין צירק!...

טאָמער וועט איר מיך וועלן פרעגן פאַרוואָס עס ציט מיך אַזוי אין צירק, וועט איר האָבן אַן עבירה, ווייל איך וועל אייך פשוט ניט קענען געבן קיין קלאָרן ענטפער דערויף. עס קען זיין, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל דער רבי, דער זיידע, די מאַמע, האָבן געשריגן, אַז אַ אידיש אינגל טאָר ניט גיין אין צירק, האָט מיר דער אינסטינקט אונטערגעזאָגט, אַז מסתמא מוז דאָס זיין גוט פאַר מיר! און אפשר האָט דאָס מיידל מיטן פראַק און צילינדער, לאַקירטע שטיוועלעך און מיט דער גאָלדענער בייטש אין האַנט, וואָס האָט געריטן אויפן שוועבנדיקן רייט־פערדל און קאָמאַנ־דעוועט מיט די חיות, אַזוי ווי אַ רבי מיט קינדער, מיך אַזוי פאַר'כישופ'ט, אַז ס'איז מיר געבליבן אַ צויבער אויפן גאַנצן לעבן? ווער ווייסט??!

דערפאַר בעט איך אייך, איר זאָלט מיר מוחל זיין מיין שוואַכקייט. אַז טאַנצן טאַנץ איך ניט, קיין קאָרטן שפּיל איך ניט, קיין לעקציעס האַלט איך ניט, מעג איך דאָך כאָטש האָבן איין שוואַכקייט — צו גיין אין צירק!...

יעדעס מאָל ווען צו אונז אין שטאָט איז געקומען אַ צירק, פלעג איך זיך קאָכן און גרייטן צו דער געשעעניש שוין וואָכן פריער. שוין ווען ס'זיינען אָנגעקומען די מרגלים אויסקוקן דעם פּלאַץ וואו עס וועט דאַרפן שטיין די ריזיקע ביידל, זיינען מיר אינגלעך געווען פאַרנומען, פאַרקאָכט. טאָג־און־נאַכט. ניט איינמאָל האָבן מיר פאַרפעלט צו גיין אין חדר אַריין, ווייל מ'האָט דאָך באַדאַרפט זען, אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדענונג. מיר האָבן דיסקוטירט וואָס מיר וואָלטן געטאָן ווען מ'לאָזט אונז צו. ניט איינ־מאָל האָבן מיר זיך טאַקע גוט צעשלאָגן איבער די פּלענער, איבער וועל־כע מיר האָבן זיך ניט געקענט אייניקן. און טאָמער האָט מען אונז געבעטן צוצוהאַלטן עפּעס אָדער געהייסן דערלאַנגען אַ ברעטל, האָבן מיר זיך גע־פילט ווי מיר וואָלטן געווען שותפים צום צירק...

אָבער די מאַמע פלעגט אַרומגיין און קרעכצן, פאַרגיסן טרערן, וואָס

אינעם יונג האָט זיך אַרייַנגעכאַפּט אַ דיבוק און ער וואַלגערט זיך טאָג־און־נאַכט אַרום אין צירק! ער האָט אויפגעהערט גיין אין חדר אַריין, עסט ניט, שלאָפט ניט, און — ווער ווייסט, אפשר טרינקט ער דאָרט וואַסער אָן אַ שהכל? אָבער וואָס מער די מאַמע האָט געוויינט, אַלץ מער האָט עס מיך געצויגן אין צירק אַריין!

און אַז דער צירק אַליין איז טאַקע אָנגעקומען, מיט די וואַגאָנען אָנגעשטאָפּט מיט בערן און עלפאַנטן, מיט לייבן און טיגערס, מיט שלאַנגען און עקדישן, מיט פּיפערנאָטערס, ים־קאַטערס און פלוימענדזאָקטערס, מיט גרויסע ריזן און פּיטשינקע קאַרליקעס, מיט מענטשן אָן הענט וואָס האָבן אַלץ געטאָן מיט די פיס, מיט צוזאַמענגעוואַקסענע צווילינגס, מיט ווייבער מיט לאַנגע בערד און מענער מיט לאַנגע לאָקן און גרויסע בריסטן, באַשעפענישן וואָס זיינען געווען האַלב־מענטש און האַלב־שד, מיט מאַלפּעס וואָס האָבן אַלץ נאָכגעטאָן מענטשן. קונצנמאַכער וואָס האָבן געגעסן פייער, געשלעפּט סטענגעס פון דער נאָז, געגאַנגען אויף דראָטן און געטאַנצט מיטן קאָפּ אַראָפּ אויף אַ גלאָז וואַסער. קלאָונס, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט אַ צונג הינטנאַרום און האָבן גערעדט אויף אַזאַ קיילעכדיקן לשון, וואָס קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען און דאָך האָט מען געוואוסט וואָס זיי ווילן. הינט וואָס האָבן געזונגען ווי מענטשן און בויך־רעדנער וואָס האָבן געהאַווקעט ווי הינט — איז אַז דאָס גאַנצע געזינדל האָט זיך באַוויזן אין שטאָט, האָב איך פאַרגעסן אין דער מאַמען, אינעם רבי׳ן, אינעם חדר און בין געלעגן גאַנצענע טעג־און־נעכט אין צירק! . . .

און גיין אין צירק אַריין האָב איך געמוזט! טאָמער האָט די מאַמע ניט געוואָלט געבן די עטלעכע גראָצער, איז טאַקע געווען ביטער. אָבער אַ איד גיט זיך אַן עצה, גייט מען אָן גראָצערס, גנב׳עט מען זיך אַריין. שטופּט מען זיך אַריין אינעם געדרענג אָן אַ בילעט. אַז ס׳האַלט גאָר שמאָל, שניידט מען אויס אַ לאָך אין אַ ביידל און מ׳קוועטשט זיך אַריין. טאָמער כאַפּט מען אַמאָל אָנגעבראָכן די ביינער איז אויך ניט געפערלעך. ס׳לוינט זיך! ווייל אין צירק אַריין מוז מען דאָך גיין. אַז ניט, מיט וואָס וועט מען לעבן אַ גאַנץ יאָר? וואָס וועט מען נאָכדערציילן און וועמען וועט מען נאָכמאַכן?

אָבער אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע וועלט. דאָ האָט מען געמעגט גיין אין צירק אַריין וויפיל מ׳האָט געוואָלט. ניט געווען דאָ די מאַמע, וואָס זאָל מיינען, אַז מ׳פאַרגעסט אין גאָט ווען מ׳גייט אין צירק אַריין. די פאָר סענטן אויף צו גיין אין צירק האָט מען דאָ אַפילו אין די ערגסטע צייטן געקענט צוזאַמענ־

שלעפן. איז דאָ אָבער געווען אַן אַנדער צרה: איך פלעג זיך שעמען צו גיין אין צירק אַריין . . .

מילא, די ערשטע יאָרן האָב איך נאָך געהאַט אַ תירוץ: מ'דאַרף זען ווי ס'זעט אויס אַ צירק אין אַמעריקע. אָבער שפּעטער פלעג איך זיך מוזן היטן פאַר די לאַנדסלייט און משפּחה. זיי האָבן גע'טענה'ט, אַז אין אַמעריקע מוז מען אַרבעטן, ניט האָבן אין זינען נאַרישקייטן. דאָ איז אַלעס „האַריאַפּ". מ'דאַרף זיך אויסלערנען אַ פאַך און פאַרדינען. אָבער מיך האָט דאָך געצויגן אין צירק אַריין ווי מיט צוואַנגען, האָב איך מיר געפונען אַ תירוץ.

אַזוי ווי מיינע קאָזינס האָבן דאָ געהאַט קליינע קינדער, האָב איך יעדעס מאָל גענומען אַן אַנדער קינד אין צירק אַריין. ס'האָט געהייסן, אַז דאָס גיי איך צוליב די קינדער . . . דאָרט פלעגן מיר אַ הוליע טאָן! איך האָב געקויפט פּינאַטס און פּאָפּ־קאָרן, סאָדע־וואַסער און אייז־קרים, „האַט דאָגס", אַ לימאָנייד, עפּל, „טשואינג־גאַם" און קאָלירטע באַלונען. איז די קינדער פלעג איך לאָזן זיך שפּילן מיט די באַלונען און די אַלע גוטע זאַכן האָב איך אַליין אויפגעגעסן. און געהייסן האָט עס, אַז די קינדער האָבן זיך אַמוזירט און די עלטערן האָבן מיר געדאַנקט וואָס איך האָב זיי מכבד געווען . . .

שפּעטער, אַז כ'האָב חתונה געהאַט און האָב שוין געהאַט אייגענע קינדער, האָב איך דאָך שוין אוודאי געמוזט גיין אין צירק אַריין. נאָך שפּעטער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן אייניקלעך אין דער משפּחה און אַזוי גיי איך שוין אַ לעבן לאַנג אין צירק אַריין, מ'כלומרשט צוליב די קינדער! . . .

ניט נאָר איז דער אינטערעס צום צירק ביי מיר מיטן גאַנג פון די יאָרן ניט שוואַכער געוואָרן, נאָר פאַרקערט, ער ווערט ביי מיר וואָס אַ יאָר אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. דאָס איז דערפאַר, ווייל דער צירק אין אַן אמת'ע פּראָגרעסיווע אינסטיטוציע. ער גייט־מיט מיט דער צייט. יעדעס יאָר באַווייזט ער אַלץ נייערע און גרעסערע וואונדער. ווייל מען זען דעם פאָרטשריט פון דער מענטשהייט, מוז מען גיין אין צירק אַריין...

די לעצטע צייטן האָט זיך מיר אָבער אָוועקגעשטעלט אַ נייע, אַ האַרבע פראַגע: וואו נעמט מען קינדער?

די אַמאָליקע קינדער זיינען שוין איצט מיטליאָריקע אידן. אַפילו די אייניקלעך זיינען שוין גרויס גענוג, אַז זיי זאָלן זיך שעמען, אַז מ'זאָל זיי פירן אין צירק אַריין. דערצו איז נאָך געוואָרן אַ מאָדע, אַז די ווייבלעך האָבן איצט ניט מער ווי איין קינד און היטן דאָס ווי אַן אויג אין

קאַפּ, און איך אַליין האָב טאַקע מורא צו נעמען אויף זיך די גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט אָפּצוהיטן אַזאַ ציטעריק קינד. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, חלילה?! איז מיר טאַקע איצט ביטער און פינצטער! כאָטש גיי און זיץ אין דער היים! אָבער איין גאָט ווייסט, אַז עס ציט מיך אַהין ווי מיט צוואַנגען און ניטאָ דער כוח בייצושטיין דעם צויבער פון דער פאַר׳כישופטער צירק־וועלט!

דערפאַר דערצייל איך אייך דעם ריינעם אמת, אַז דאָס יאָר גיי איך אַליין אין צירק.

גענוג זיך שוין באַהאַלטן מיט מיין שוואַכקייט!

גענוג שוין אויסגעגעבן געלט אויף קליינע קינדער!

גענוג שוין גענאַרט זיך און יענעם!

דעריבער בעט איך אייך, טאַמער וועט איר מיך דאָרט באַגעגענען אַליין, קנאַקן פינאַטס, שפּילן זיך מיט די מאַלפּעס, אויס׳טענה׳ן זיך מיט די קלאָונס, זיצן אַ פאַר׳כישופ׳טער און קוקן אויפן מיידל מיטן צילינדער ווי זי באַהערשט די לייבן מיט די טיגערס מיט דער קראַפט פון איר צויבער־שטעקעלע, בעט איך אייך, מאַכט זיך ניט זעענדיק. פאַרגינט מיר מיין שוואַכקייט. זאָל זיך אייך דאַכטן, אַז איך בין אַ קינד. אַז ס׳איז ניטאָ קיין קינדער, מעג אַ גרויסער אַליין זיין אַ קינד!...

# אַ „סילינג״ אויף מיידלעך

דער באַרימטער פּראָפעסאָר זשאַן פּ. בלאַנקאָ איז אַרויס מיט אַ נייער וויסנשאַפטלעכער דערקלערונג, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האַלט זיך אין אַנטוויקלען אין דער הויך. עס וואַקסט אַ הויכע ראַסע. עס וועט אַוועק אַ קורצע צייט, לאָמיר זאָגן, אַזוי אַרום אַ מיליאָן יאָר, וועט מען ביי אונז אין אַמעריקע ניט געפינען קיין מענטשן וויניקער ווי זעקס פוס די הויך. אַ זיבן־אַכט־פוסיקער מענטש וועט הייסן: אַביסל העכער פון מיטעלן וואוקס. איבערהויפּט, זאָגט ער, מערקט זיך דאָס שנעלע וואַקסן אין דער הויך — ביי מיידלעך. ער איז זיכער, אַז די צוקונפטיקע מיידלעך וועלן זיין העכער אין וואוקס ווי די בחורים.

דער פּראָפעסאָר מיינט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע און מ׳דאַרף אים כאָטש אָנהענגען אַ גאָלדענעם מעדאַל פאַר זיין שווערער אַרבעט. ער ווייסט ניט, אַז מיין לאַנדסמאַן, דער באַרימטער שדכן, בערל בולבעניק, האָט שוין די חכמה געזאָגט מיט יאָרן צוריק.

מיין לאַנדסמאַן בערל האָט שוין לאַנג צוריק אָנגעהויבן טענה׳ן, אַז די היגע מיידלעך וואַקסן אים אַביסל צו־הויך. הויכע מיידלעך — שרייט ער, — זיינען אַן אומגליק פאַר דער שדכנים־אינדוסטריע! אַ קורצע מיידל קען מען אַריינרוקן סיי וועלכן בחור און ס׳איז כשר; אָבער מיט אַ הויכער איז ביטער. געוואָרן אַ מאָדע אין אַמעריקע, אַז אַ בחור וועט אייך ניט נעמען אין האַנט אַריין אַפילו, אַ מיידל וואָס איז אַביסל העכער פון אים. ס׳שטייט אים ניט אָן אַרויפצוקוקן צו איר. און אויף צולהכעיס, וואַקסן די מיידלעך, די לעצטע יאָרן, נאָר אין דער הויך. און ס׳איז ניט זייער שולד אויך! אַ מיידל מוז דאָך ערגעץ וואַקסן. דאָס גיבן דאָך צו אַפילו די גרעסטע שונאים פונעם מיידלטום. אַז אין דער ברייט, אָדער אין דער גרעב, לאָזט מען זיי ניט וואַקסן. נו, וואַקסן זיי אין דער הויך! נו, — שרייט בערל, — דאַרף מען דאָס אָפּשטעלן. ווייל אַז מ׳עט זיי אַזוי לאָזן, קענען זיי אייך אַריינוואַקסן אין די וואָלקנס אַריין! . . .

איך געדענק, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, איז שוין בערל צוביסלעך אַריין אין די שדכנים־ביזנעס. יעדע מיידל וואָס איז אַרונטער פון שיף האָט ער באַטראַכט ווי אַ צוקונפטיקער פּופּציקער שדכנות־געלט, און דערפאַר פלעגט ער די מיידלעך קנייפּן אין די גרינע בעקעלעך און

שרייען: „נו, מיידעלע, דאַרפסט זיך אַביסל אונטערפּיקסן. דאָ אין אַמע־ריקע ווילן די באָיעס סחורה פאַר זייער געלט״.

ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז אין יענע יאָרן איז דאָ געווען אין דער מאָדע פעטע מיידלעך. וואָס פעטער אַ מיידל האָט אויסגעזען, אַלץ שנע־לער האָבן זיך די יונגעלייט אויף איר אומגעקוקט. אַ מיידל וואָס האָט געוואויגן ווייניקער פון 150 פונט האָט אפילו ניט געוואָגט צו גיין פאַר־ברענגען צווישן באָיעס. אַזאַ מיידל האָט קיינער פון אונזער חברה ניט געוואָלט אַפילו אין האַנט אַריין נעמען. דערפאַר האָבן טאַקע די מיידלעך אַריינגעלייגט אַ סך אַרבעט אויסצוזען וואָס פעטער, כדי צו פאַרנעמען אַ גרויס שטיק טעריטאָריע ביי די באָיעס אין האַרצן . . .

קיין סך אָנשטרענגונגען אויסצוזען פעט האָט זיך ניט געפאָדערט. די היינטיקע מיידלעך אַרבעטן אַ סך שווערער אויסצוזען מאָגער, ווי יענע האָבן דאָס געדאַרפט טאָן כדי אויסצוזען פעט.

ערשטנס, זיינען יענע מיידלעך געקומען פון אייראָפּע שוין פאַרטיקע פעטע. יונג, מיט רויטע באַקן, געזונטע ציינער, ריזיקע אַפּעטיטן. ביי אַזאַ מיידל אַריינצושלינגען אַ שיסל באָרשטש מיט קאַרטאָפליעס, אָדער אַ סטעיק, אַרומגערינגלט מיט „פרענטש־פּראַיד״, מיט ציבעלעס און נאָך עטלעכע מינים גרינסן, אויפעסן דערביי אַ האַלב ברויטל און פאַרטרינ־קען מיט אַ פּיטשער ביר, איז געווען קיי־און־שפּיי . . . דערצו איז זיי נאָך שטאַרק געפעלן דער היגער אייז־קרים, די היגע קענדיס, די באַנאַנעס, די רייכע קעיקס און פעטע קאָרנדביף. בקיצור: אַ וועלט מיט עסן! און אַלץ בחצי־חינם. האָבן זיי טאַקע געגעסן, געטרונקען און געוואָרן ברייטער ווי לענגער . . .

און טאָמער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַ מיידל וואָס האָט צוליב גע־וויסע פּריוואַטע אורזאַכן ניט געקאָנט נאָכהאַלטן די מאָדע פון פעטקייט אויף אַ נאַטירלעכן אופן, האָט זי שוין געפונען וועגן און מיטלען ווי אָפּ־צונאַרן די וועלט. געווען אַזעלכע קישעלעך, וואָס האָבן אויסגעפילט די ליידיקע פלעצער און דאָרט וואו ס׳איז געווען אַ טאָל, איז מיטאַמאָל אויס־געוואַקסן אַ בערגל און פון אַ קליין בערגל איז געוואָרן אַ גרויסער באַרג. הכלל, אַזוי צי אַזוי, קיין דאַרע מיידלעך זיינען אין יענער צייט אינגאַנצן ניט געווען!

היינט דאָס פאַרקעמען זיך מיט אַ גרויסער פּאָמפּאַדורע, וואָס האָט זיך געטורעמט ביז צום הימל און אויסגעקוקט גרויס און רונד, ווי, למשל, אַ טאַיער פון אַן אויטאָמאָביל, און איז געווען אינעווייניק אָנגעשטאָפּט

# הירש רייף

מיט כל־טוב! דערצו נאָך די מאָדע פון לאַנגע קליידער, מיט אָנגעבלאָזענע אַרבל, גרויסע פּאַראַסאָלן, שווערע גאָלדענע קייטן אויף דער ברוסט און אַנדערע גרויסע שטיקער צירונג! בקיצור, אַז אַזאַ מיידל האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אויף אַ שפּאַציר, איז געווען אויף וואָס אַ קוק צו טאָן, ווי עס וואָלט אַרומגעשפּאַצירט אַ גאַנצע אינסטיטוציע פאַר זיך אַליין . . . ווער שמועסט צוויי מיידלעך אין אָרעם געשלאָסן, האָבן שוין פאַרנומען דעם גאַנצן ברייט פון טראָטואַר, מיט אַ שטיקל גאַס דערצו . . .

אין יענע צייטן, אַז מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען אויף אַ שמחה, פלעגט בערל אַרומגיין צווישן די מיידלעך, קנייפּן זיי אין די בעקעלעך און שרייען: „עס, מיידעלע, וועסטו קריגן אַ חתן!” און די מיידלעך האָבן אים געפאָלגט.

שפּעטער, אַז די „ליניע” האָט זיך געביטן און די באָיעס האָבן געוויכט פון פעטע מיידלעך, און די מיידלעך האָבן געמוזט אָדער פאַרלירן וואָג, אָדער פאַרלירן אַ חתן, פלעגט בערל, אויף אַ שמחה, שוין אַרומלויפן און טורקען די מיידלעך, אַז זיי זאָלן זיך ניט שטאָפּן מיט אַזויפיל קעיק, אָדער קישקע, אָדער פעטן קאָרנדביף. ער פלעגט טענה'ן: „וועסט שוין עסן נאָך דער חתונה. איצט האַלט זיך איין!”

איצט, ווען בערל באַגעגנט מיך, זיפצט ער. — שווער צו מאַכן אַ לעבן! מילא, פעטע אָדער מאָגערע מיידלעך האָט מען יאַקאָש געקאָנט קאָנטראָלירן. אָבער וואָס טוט מען מיט די הויכע מוידן וואָס האָבן גענומען וואַקסן, ווי די טאָפּאָליעס, אין הימל אַריין? ער האָט שוין ניט אויסגעפירט קיין שידוך, זאָגט ער, ער געדענקט שוין ניט ווען.

און אַז איך דערצייל אים, אַז פּראָפעסאָר בלאַנקאָ זאָגט, אַז דאָס איז ערשט אַן אָנהייב, אַז די מיידלעך וועלן זיך ערשט צעוואַקסן, נעמט ער שרייען:

— זאָל אים וואַקסן עפּעס אויף דער נאָז, דעם פּראָפעסאָר, פאַר זיין נביאות! כ'אַלט ער בעסער אויסגעפונען אַ מיטל ווי אַזוי אָפּצושטעלן דאָס ווּיסטע וואַקסעניש! נאָך אַלעמען, זיינען דאָך מיידלעך ניט הפקר. און שדכנים דאַרפן אויך מאַכן אַ לעבן! אויף אַלץ האָבן זיי געהאָט אַ סילינג. — כ'לעבן, מ'וואָלט שוין געמעגט מאַכן אַ שטיקל סילינג אויף מיידלעך אויך, ניט זיי לאָזן וואַקסן אָן שום קאָנטראָל ביז אין די וואָלקנס אַריין . . .

# אַ גליק פאַר אַ פרוי

איך בין געזעסן אין פּאַרק, פאַרזונקען אין חלומות און דערפילט ווי אימיצער טורקעט מיך אין זייט:

— מיסטער, מיסטער!

איך גיב אַ קוק, אַ איד מיט אַ פאַרוויאַנעט פּנים און אַ מויל מיט געל־לע, שיטערע און קרומע ציין, ווי אַ צעבראַכענער פּאַרקן.

— מיסטער, — זאָגט דער איד, — איר ווייסט אפשר פון עפּעס אַ לייטישער פּרויקע, וואָס וואָלט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ לייטישן, אָרנטלעכן און פיינעם מאַן?

— ווי קומט איר, — זאָג איך צום איד, — מיך צו פרעגן אַזאַ נאַ־רישע פראַגע? וואָס בין איך אַ שדכן?

— און אַז אַ שדכן, — זאָגט דער איד, — דאַרפט איר זיך שעמען? וואָס־זשע, שדכנים זיינען קיין מענטשן ניט?

— ווער, — זאָג איך, — זאָגט, אַז שדכנים זיינען קיין מענטשן ניט? אָבער ניט אַלע מענטשן זיינען דאָך שדכנים.

— זייט ניט, — זאָגט דער איד, — קיין . . . ווי זאָגט מען דאָס . . . וואָס הייסט אַ איד זאָגט, אַז ער איז ניט קיין שדכן? ווייזט מיר אַ איד וואָס האָט ניט אין סטאַק כאָטש עטלעכע מיידלעך, אָדער ווייבלעך צו פאַרשלייערן?

האָב איך געגעבן אַ טראַכט, אַז דער איד האָט טאַקע רעכט. איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין גאַנצן „סטאַק" אַלמנות, גרושות, עלטערע מיידלעך און גלאַט אַזוי פרויען וואָס בעטן זיך ביי מיר, אַז איך, מיט מיין גרויסער באַקאַנטשאַפט, מיט מיין פיאַיקייט יענעם אַריינצופירן אין אַ בלאָטע, מיט מיין פאַרגעניגן יענעם צו פאַרדרייען אַ קאָפּ און דערנאָך אים אַרויסצושטעלן אַ צונג, פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט ווערן אַ שטיקל שדכן? בפרט ,אַז זיי בעטן זיך ממש ביי מיר, אַז איך זאָל זיי אויסזוכן אַ חתן?

זאָג איך צום איד: — ווער, איך בעט אייך, איז דאָס דער פיינער מאַן פאַר וועמען איר זוכט אַ כלה?

— וואָס־זשע, — זאָגט דער איד, — איך בין שוין ביי אייך קיין מאַן ניט?

— אַ מאַן ווי איר, — זאָג איך, — מיט אַזאַ אינטערעסאַנטן קאָפּע־

ליוש, זאָל זיך ניט קענען אַליין געפינען עפּעס אַ לייטיש ווייבל? ס'איז איצט, דאַכט זיך, אַן איבער־פּראָדוקציע אין פרויען. פאַראַן אַ פּאָר מי־ליאָן פרויען מער ווי מענער אין אַמעריקע.

— פוי, — גיט דער איד אַ שפּיי אויס, — דאָס זיינען דאָך ניט קיין פרויען! דאָס זיינען דאָך סאָקערס, וואָס ווילן, אַז דער מאַן זאָל זיי אָפּ־גילטן פאַר דער טובה וואָס זיי האָבן מיט אים חתונה געהאַט. ס'איז ניט פאַר מיר! וואָס איך דאַרף איז עפּעס אַ לייטישע פרויקע, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיטן מאַן, ניט זיצן אין פּאַרק, ריידן פון העטס, פון דרעסעס און אַנדערע שמאַטעס. אַזאַ פרויקע וואָלט ביי מיר געקענט לעבן און לאַכן.

טראַכט איך, אַז דער מאַן מוז אַוודאַי זיין אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און ס'קען זיין, אַז פאַר מיינער אַ באַקאַנטער ווייבל וואָלט דאָס טאַקע געווען אַ גליק. גיב איך דעם אידן אַ פרעג:

— אין וואָס פאַר אַ לאַין ביזנעס זייט איר?

— וועל, — ציט דער איד די ווערטער, — אין קיין ביזנעס בין איך איצט ניט, איר זעט דאָך, אַז קיין יונגערמאַנטשיק איז מען שוין נישט, ניטאָ קיין כוח צו האָרעווען. אָבער פון קיין הונגער שטאַרבט מען, חלילה, אויך ניט. מ'לעבט זיך דורך גאַנץ באַלעבאַטיש. מ'וואוינט אין לייטישע רומס. כאָטש ס'איז איצט אַלעס בראַנד־טייער, פונדעסטוועגן וועט איר ביי מיר אין הויז טרעפן פון אַדלאָס־גוטס. פון אַ שטיקל פּוטער ביז אַ פערטל עוף. און גלויבט מיר, אַז פון דעם וואָס ביי מיר ווערט קאַליע און מ'דאַרף אַרויסוואַרפן, וואָלט אַ פרוי, אַ גוטע באַלעבאָסטע, געקענט מאַכן פּאַטראָוועס פאַרן פּרעזידענט. אַז מיינע, זאָל זיין אָפּגעשיידט, האָט גע־לעבט, איז גאָרניט געגנאַגען אין ניוועץ...

— האָט איר כאָטש אַ גוטן אַפּאַרטמענט? — גיב איך דעם איד אַ פרעג.

— אַלץ הייסט אַ פּלעט! אַזוי לאַנג, — צעשפּרייט ער די הענט און וויזט מיר ווי לאַנג די צימערן זיינען, — זעקס צימערן ווי די וועל־דער! און אַלע אין איין לענג! ניט ווי די היינטיקע רומס וואָס ליגן צעוואָרפן, איינע אַהער און די צווייטע אַהין, אַזוי, אַז ס'פאַרדרייט זיך דער קאָפּ ביז מ'געפינט אַ רום. און רומס האָב איך מיר אַלערליי. סיי מיט פענצטער וואָס גייען אין גאַס אריין, סיי מיט פענצטער וואָס זיינען פאַרשטעלט מיט אַ וואַנט פון דער צווייטער הויז, אַזוי אַז וויל איך באַק איך זיך אויף דער זון, וויל איך — קיל איך זיך אָפּ...

— און וויפיל, — פרעג איך, — צאָלט איר פאַר אַזעלכע צימערן?

# לחיים אידן

— איך צאָל גענוג, — קרעכצט דער איד, — גענוג! זעכצן טולער אַ חודש!

— זעכצן טולער?! — וואונדער איך זיך, — מסתמא ניטאָ דאָרט קיין אימפּרואוומענטס. — אויף וועלכן פלאָר, — פרעג איך, — איז דאָס?

— אויפן פינפטן, — זאָגט ער.

— האָט איר כאָטש דאָרט, — פרעג איך, — אַן עלעווייטאָר?

— אַוודאי, — זאָגט ער באַגייסטערט, — אַוודאי, גלייך ביים פענצ־טער. דער דריטער עווענין עלעווייטער.

— און ווי איז מיט אַ טאָילעט? — פרעג איך.

— אַ טאָילעט, — זאָגט ער, — אַוודאי איז דאָ אַ טאָילעט, טאַקע אויפן זעלבן פלאָר, באַלד אין האָל.

— און וואָס, — פרעג איך, — איז מיט אַ באָד?

— אַ באָד, — קרעכצט דער איד, — דאָס זעט איר איז גראָד ניטאָ. אָבער דערפאַר האָב איך אַ שפּריץ! אָבער שוין איינמאָל אַ שפּריץ! אַ שפּריץ וואָס שיסט מיט קאָכעדיקע וואַסער. גרויס, באַקוועם, מיט מאַר־מאָרנע ווענט, אַ מחיה! — איינגאַנצן צוויי בלאָק אַוועק פון מיין הויז! אַז די שטאָט מאַכט אַ שפּריץ, איז דאָס שוין איינמאָל אַ שפּריץ!

— און ווי איז, — פרעג איך, — מיט סטים היט?

— איך האָב, — זאָגט ער, — פיינט די סטים היט. מ'קריגט דער־פון אַ קאָפּ־ווייטיק. אַז ס'ווערט גוט קאַלט, פאַרמאַך איך אַלע פינף רומס און זיץ מיר אין קיך. איך מאַך מיר דעם אויוון, שטעל מיר אַוועק אַ קעסל וואַסער, טרינק מיר טיי, וואַרעם זיך די פלייצע, בראָט מיר פּאָ־טייטאָס, רויכער מיר מיין ליולקע, קוק מיר אַריין אין אַ ספר און ס'איז מיר וואַרעם ווי אין אַ באָד.

— האָט איר כאָטש גוטע שכנים? — פאַלט מיר איין צו פרעגן.

— אָט־דאָ, — זאָגט ער, — ליגט די גאַנצע צרה! ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורייד'ן! פון איין זייט וואוינען ציגיינער, פון דער צווייטער זייט, טשאַינילייט, פּאָליאַקן, שוואַרצע, אַן ערב־רב. ניט מ'קען מיט זיי אויסריידן אַ וואָרט, ניט מ'קען ביי זיי לייען אַ לעפל, און אַז איך קריג אַ שטעכעניש אין זייט און ליג אין בעט און קרעכץ מיינען זיי, אַז איך זינג, און קאַטשען זיך פאַר געלעכטער . . . און דערפאַר זוך איך טאַקע עפּעס אַ לייטישע פּרויקע, אַ פּרויקע וואָס זאָל וויסן ווי אַזוי צו שאַנעווען אַזאַ פיינעם, אָרנטלעכן מאַן ווי איך בין. מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. מ'דאַרף אַמאָל אויסרייבן אַ פּלייצע, דערלאַנגען אַ לעפל גע־קעכץ אין בעט אַריין. ס'דאַרף אָבער זיין אַ פּרויקע, וואָס זאָל היטן

דעם דאָלאַר און ניט פאַרטאַכלעווען מיין געלט אויף שמאַטעס! . . .

— אויב, — פאַרענדיקט דער איד, — אויב איר ווייסט פון עפּעס אַ לייטישער פּרויקע, וואָס ווייסט ווי צו מענעדזשן, אַז ווען דער טשעק פונעם רעליף קומט אַריין, זאָל זי זען, אַז ער זאָל סטאַיען פאַרן גאַנצן מאָנאַט און ס׳זאָל נאָך בלייבן אַ טולער אויף אַ רעגנדיקן טאָג, לאָזט מיר וויסן. איך זיץ דאָ יעדן טאָג, אַ חוץ ווען דער וועטער בייט זיך און איך קריג דאָס וויסטע שטעכעניש אין די זייטן. גלויבט מיר, אַז אַזאַ פּרויקע וועט ביי מיר לעבן און לאַכן . . . זי וועט אייך ווינטשן דעם גן־עדן, וועט זי אייך! . . .

# פאַרן אמת שלאָגט מען

אַ לעבן־לאַנג האָב איך געהאַלטן אין איין טענה׳ן, אַז איך בין אַ פיינער מאַן און אַז די אַלע מעשיות, וואָס מ׳דערציילט וועגן מיר, זיינען אויסגעטראַכט פון מיינע שונאים, וועלכע וואָלטן מיר געוואָלט דערטרינקען אין אַ לעפל „קאָקאָ־קאָלאָ״.

און שונאים האָב איך מיר אַליין באַשאַפן, ווייל נאַרישקייטן און כאַזערייען האָב איך אָפּגעטאָן געגנוג אויף מיין לעבן, און דאָס שטיקל געוויסן, וואָס באַמבלט זיך נאָך ביי מיר, האָט מיך תמיד געיאָדעט און ס׳האָט זיך מיר אַלע מאָל אויסגעוויזן, אַז אַלע באַריידן מיך און כדי צו געבן מיין ברעקל געוויסן כאָטש אַביסל „גרעפּט״, האָב איך זיך גענומען פאַרענטפערן און זאָגן, אַז דאָס וואָס די וועלט זאָגט וועגן מיר איז ניט אמת. אַז מען האָט געהערט, אַז איך אַליין דערצייל אַז מען רעדט אויף מיר שלעכטס, האָט מען גענומען טענה׳ן, אַז מסתמא אַז אַ וועלט זאָגט, ווייסט זי וואָס זי רעדט, און אַזוי בין איך ביסלעכווייז באַרימט געוואָרן פאַר אַ שאַרלאַטאַן, אַן אויסוואורף, א . . . אַ . . . נו, איר ווייסט דאָך שוין וואָס מ׳רעדט וועגן מיר אין שטאָט . . .

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז ס׳איז מיר מיאוס געוואָרן דאָס שטענדיקע פאַרטיידיקן זיך און איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ שרייבער און אַרויסגיין מיטן ריינעם אמת און באַפרייען מיין שטיקל בידנעם געוויסן פון אַ שווערער לאַסט ! . . .

און איר ווייסט דאָך, אַז אַ בעל־תשובה קריגט אין גן־עדן אַ בעסערן „סיט״ אַפילו ווי אַ צדיק ! אַז דער עולם האָט גענומען לייענען שוואַרץ־אויף־ווייס וואָס איך אַליין שרייב וועגן זיך, האָט מען פון אַלע זייטן גענומען שרייען : „אָט אַזוי רעדט ער ווי אַ מענטש ! וואָס דען, מיר האָבן דען ניט געוואוסט פריער, אַז דאָס איז אַן אויסוואורף״ . . .

אַפילו דער רעדאַקטאָר מיינער האָט אָנגעקוואָלן פון מיין שרייבן :

— אָט אַזוי, — האָט ער געשריען, — דעם אמת ! נאָר דעם אמת׳ן אמת ! אונזער צייטונג קעמפט פאַרן אמת און אונזערע מיטאַרבעטער דאַרפן שרייבן נאָר דעם ריינעם אמת. איבערהויפּט וועגן זיך. קריטיק דאַרף מען אָנהויבן פון זיך אַליין ! . . .

און אָט אַזוי האָב איך זיך אַריינגעלאָזט אין שרייבן דעם אמת וועגן זיך אַליין ! . . .

און יעדעס מאָל, ווען איך ברענג דעם רעדאַקטאָר אַ זאַך, וואו איך טו זיך אויס נאַקעט פאַרן לייענער און רייס שטיקער פון זיך אַליין, דערצייל וואָס פאַר אַ כאַזעריי אָדער שאַרלאַטאַנסטוואָ איך בין באַגאַנגען, קוועלט ער אָן און זאָגט :

## הירש רייף

— אָט אַזוי דאַרף מען שרייבן! אַ מענטש דאַרף האָבן מוט צוצוגעבן זיינע חסרונות. מיר לעבן אין אַ וועלט פון בלאָף און שווינדל און ס'איז אַ נחת צו הערן אַן אמת'דיק וואָרט, ווייל וועגן זיך אַליין וועט דאָך יענער קיין שלעכטס ניט אויסטראַכטן! . . .

אַ סך מאָל, לייענענדיק מיינעם אַ מאַנוסקריפּט, קאָרעגירט ער מיך פּאָטערלעך און זאָגט:

— דאָ וואָלט זיך געפּאַסט עפּעס אַ שטאַרקערער וואָרט. אָנשטאָט וואָס איר זאָגט, אַז איר האָט הנאה געהאַט, ווען יענער האָט זיך געקאָרטשעט פאַר ווייטיק, וואָלט געווען בעסער, ווען איר זאָגט, אַז איר האָט באַפרידיקט אייער ווילדן סאַדיזם. איר זאָגט, אַז איר האָט מיטגענומען אַ זילבערנעם לעפל פונעם האָטעל אַלס סואוועניר, פאַרוואָס ניט זאָגן פשוט, אַז איר האָט באַ'גנב'עט, אָדער נאָך בעסער, באַראַבעוועט דעם האָטעל? דאָרט וואו איר זאָגט, אַז איר זענט געווען אַ שטיפער, וואָלט געווען שטאַרקער, ווען איר זאָגט גענגסטער. אָנשטאָט איר האָט איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט צוויי קינדער, לאָזט איבער צוויי ווייבער מיט זעקס קינדער. אָנשטאָט איר האַנדלט מיט סאָדע־וואַסער, וואָס אַרט אייך, אַז איר האָט געהאַנדלט מיט שלעכטן שנאַפּס און געווען אַ „בוטלעגער"? פאָלגט מיך, ס'וועט קלינגען שטאַרקער, און אמת'דיקער אויך! . . .

און איך פאָלג אים. פאָרט אַ רעדאַקטאָר און אַ וועג־ווייזער! . . .

ביסלעכווייז זיינען מיינע לייענער באַקאַנט געוואָרן מיט מיין ביאָגראַפיע און ווייסן שוין, אַז איך בין אַן אויסוואורף, אַ שאַרלאַטאַן, אַ קעשענע־גנב, אַ פרויען־פאַרפירער, אַ שטיקל מערדער און אַז אַ מאַמע דרייט אָן איר שטיפעריש אינגל אַן אויער, שרייט זי:

— ניט אויסצוהאַלטן פונעם ממזר! ער וואַקסט אַ רעגעלער הירש רייף! . . .

אַ חוץ דעם, האָב איך שוין דערציילט מיינע לייענער, אַז איך בין מיאוס ווי דער טויט, געשפרינקלט און געשטופּלט, אַ שטאַמלער און פּאָנפּע נאָך אונטער צוביסלעך, האָב אויערן ווי אַן אייזל, בין אַ גאַליציאַנער, קראַץ זיך די פּלייצע ביי אַ באַנקעט, שנאָרך ווי אַ זעג־אָרקעסטער, בין אַ דריי־גאָרנדיקער שלימאַזל, אַ טאַלאַנטפולער פוילער און בין אַזוי קורץ געוואַקסן, אַז איך קען גיין שפּאַצירן אונטערן בעט און נאָך טראָגן אַ קאַן וואַסער אויפן קאָפּ! . . .

און אָט אַזוי איז דער רעדאַקטאָר צופרידן, די לייענער זיינען זיך מחיה. און איך? איך בין גליקלעך וואָס מיין געוויסן איז מיר ריין . . .

הכלל, ס'וואָלט מיר געווען גוט. הויבט מיר אָבער אָן צו פעלן מאַטעריאַל. כ'האָב שוין באַשריבן אַלע נאַרישקייטן און כאַזערייען וואָס

## לחיים אידן

כ׳האָב אויף מיין לעבן אָפּגעטאָן און וואָלט שוין באַדאַרפט באַגיין אַביסל פרישע נאַרישקייטן און אָפּטאָן פרישע כאַזערייען און שאַרלאַטאַנסטוואָ! איז אָבער אַן אומגליק — מ׳לאָזט ניט! מ׳היט זיך פאַר מיר און מ׳געטרויעט מיר ניט פון דאַנען ביז אַהין!

אַז איך קום אַריין אין אַ הויז, היט מען מיך ווי אַ גנב! נעם איך אַ קינד אויף דער האַנט, ציטערט מען איך זאָל עס ניט קידנעפּן! נעם איך אַ מעסער אָפּצושיילן אַן עפּל, שרייט מען: געוואַלד! מערדער! פּאָליס!... נעם איך אַ ווייבל אויף אַ שפּאַציר, רוימט מען איר איין פון אַלע זייטן, אַז מיינע ווייבער וועלן איר אויספּליקן די האָר. און טאָמער וויל איך אָפּפירן אַ ווייבל אַהיים, זאָגט זי, אַז ס׳איז אַ צו־שעדלעכער אָפּפיר־מיטל פאַר איר . . .

כ׳וואָלט שוין פאַר צרות געוואָרן אַ פיינער מאַן, אָבער וואָס וועט זאָגן דער רעדאַקטאָר? וואָס וועלן זאָגן די לייענער? וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך האָבן ביי זיי?

לעצטנס האָב איך זיך באַקענט מיט אַ זייער שיינער, לייטישער אַל־מנה, מיט אַ גאָלדענעם כאַראַקטער, און כ׳האָב געטראַכט, אַז ס׳וואָלט געווען פון מיר די גרעסטע שאַרלאַטאַנסטוואָ ניט צו דערציילן איר דעם גאַנצן אמת וועגן זיך. און כדי מיין געוויסן זאָל מיר ניט דערגיין די יאָרן, האָב איך איר געגעבן צו לייענען אַלץ וואָס איך האָב געשריבן וועגן זיך און זאָל זי וויסן דעם ריינעם אמת. איך האָב דערוואַרטעט, אַז זי זאָל מיר געבן „די לופט" — און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

אין אַ שיינעם טאָג קריג איך פון איר אַ בריוול, וואָס לייענט זיך אַזוי:

„ליבער פריינט! ס׳טוט מיר זייער לייד וואָס איך קען אייך מער ניט באַגעגענען. איך האָב פיינט אַ ליגנער, און איר זענט דאָס! אייערע ליגנס זיינען שוידערלעכע! פון אייערע באַשרייבונגען וועגן זיך האָב איך געמיינט, אַז איר זענט אַן אינטערעסאַנטער מענטש און מיר וועלן פירן אַ סענסאַציאָנעלן לעבן, מיט שטאַרקע איבערלעבונגען און איך וועל קריגן אַ „טריל". מיין בילד וועט זיין געדרוקט אין די צייטונגען אַלס די פרוי פון אַזאַ העלד, אָבער קענענדיק אייך פאַר אַ היפּשער צייט, ווייזט זיך, צום באַדויערן, אַרויס, אַז איר זענט אַ געוויינלעכער, נאָרמאַלער און, מ׳קען זאָגן, אַ גאַנץ פיינער און אַ גאַנץ שיינער מאַן. און וואָס איר האָט געשריבן וועגן זיך איז ליגן פון אָנהויב ביזן סוף. און איך האָס ליגנער! אויב איר וועט מיר ניט איבערצייגן מיט מעשים, אַז וואָס איר האָט געשריבן וועגן זיך איז אמת, קען איך אייך, לײדער, מער ניט זען!..."

אָט אַזוי שלאָגט מען מיך פון אַלע זייטן צוליב דעם ביטערן און פינצטערן אמת! . . .

# קלמן קמצן

מיין פריינט קלמן איז אן אַלטער בחור, אָבער אַ שיינער, אַ גרויסער פאַרדינער, ניט קיין נאַר, אָבער ער ליידט פון אַ גרויסער, כראָנישער און אומהיילבאַרער קראַנקהייט: ער איז אַ גרויסער קמצן. זיין קאַרגשאַפט דערגרייכט ביז צו משוגעת. זיין באַליבט ווערטל איז, אַז אַ פּעני איז די סאַמע וויכטיקסטע מטבעה, ווייל צו אַ פּעני אַז מ'לייגט צו ניין־און־ניינ־ציק סענט ווערט דערפון אַ דאָלער. און אַ דאָלער, ווען מ'האַלט אים אַליין אין קעשענע, איז אים אומעטיק. דאַרף מען אים דעריבער אַריינלייגן אין באַנק. און וואָס מער דאָלאַרן ס'ליגן דאָרט אַלץ פריילעכער איז זיי און אַלץ פריילעכער איז אים! . . .

יעדעס מאָל וואָס קלמן דאַרף זיך עפּעס קויפן, קוקט ער אַזוי לאַנג אַריין אין די שוי־פענצטער, ביז ער קומט צו צו דער באַנק, און ביי דער באַנק טראַכט ער:

— נו, וואָס וועט שוין אַרויסקומען אַז איך וועל קויפן? בעסער אַריינטראָגן די פּאָר דאָלער אין באַנק אַריין. צו קויפן וועל איך דאָך קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן.

און ווען ער קומט אַהיים, טראַכט ער ביי זיך אַ צופרידענער, אַז היינט האָט ער אָפּגעשפּאָרט עטלעכע דאָלער.

גיין אין אַ טעאַטער אָדער אין אַ מואווי — פון דעם האַלט ער ניט. ס'איז אַרויסגעוואָרפענע געלט. באַצאָלסט געלט און קומסט אַרויס מיט גאָרניט. סיידן מיט קאָפּווייטיק. אַמאָל ווערט מען גאָר איינגעשלאָפן, גיי גיב זיי פופציק סענט פאַר שלאָפן אויף אַ האַרט בענקל מיט פאַרמאַכטע פענצטער, אַז כ'האָב אַ ווייך בעט מיט פרישע לופט אָן אַ בילעט!

ער וואָלט אַמאָל געגאַנגען הערן אַ חזן. ער האָט ליב צו הערן זינ־גען. פאַרגייט אים אָבער דער אַפּעטיט. ס'שמעקט מיט ביזנעס. איידער דו האָסט נאָך אָנגעקוקט דעם חזן, געהערט זיין שטים, הייסט מען שוין קויפן אַ בילעט. און דעם בילעט צערייסט מען און ס'בלייבט פון אים גאָרניט!

טאָמער רעדט אַמאָל אַ ראַבאַי אין שול און מ'קען אַריינגיין פריי, האַלט ער אין איין מוסר'ן מ'זאָל געבן געלט. ער האָסט דאָס! ער האָט פיינט טשאַריטי!

פאַראַן אין ניו־יאָרק אַ סך אומזיסטע פּלעצער. למשל, מוזעאומס,

פּאַרקס, לעקציעס, אויסשטעלונגען. ליגן זיי אָבער אין אַל־די שוואַרץ יאָר. פֿאָרן אַהין מיט די סאָבוועיס, האָט ער פּיינט דעם געדראַנג. ער האָסט אויך די מאַשינקעס, וואָס אַז זיי כאַפּן אַריין אַ ניקל, גיבן זיי אַ קלונג מיט אַזאַ שמחה ווי זיי וואָלטן דיך אַריינגעכאַפּט אין אַ נעץ און ס'ניקל פֿאַרשווינדט אויף אייביק און דו בלייבסט שטיין ווי אַ יאָלד!

פֿון פֿאָרן אין אַ טעקסי איז אָפּגערעדט. ער איז אַמאָל געפֿאָרן מיט אַ פֿריינט צו אַ לוויה אין אַ טעקסי, און ער האָט באַדאַרפֿט באַצאָלן האַלב, איז דער פֿריינט געזעסן די גאַנצע צייט ווי אַ גולם און געוויינט און ער האָט שיעור געקראָגן אַ האַרצשלאַג. אַ גאַנצן וועג האָט דער מיטער גע־קלאַפּט: טיק־טאַק — אַ ניקל ,טיק־טאַק — אַ ניקל! פֿון דעמאָלט אָן אָטעמט ער שווער . . .

גיין צופֿוס פּטר'ט מען די שיך, און קויפֿן נייע שיך האָט ער פּיינט. נייע שיך קוועטשן. אין די אַלטע שיך פֿילט מען זיך גוט, דאַרף מען זיי היטן. אָבער צו דער באַנק איז נאָענט צו גיין.

אַז קלמן רעדט צו אייך, קוקט ער פֿון אונטער די ברילן. ער האָט מורא, אַז די גלעזלעך זאָלן זיך ניט אָפּנוצן! . . .

עסן מאַכט ער זיך אַליין. נאָר ער האָט מורא זיך אָנצוגרייטן עפּעס אויף מאָרגן. אַ מענטש, — זאָגט ער, — איז אַ חזיר און דער יצר־הרע איז גרויס. ער האָט אַמאָל געקויפֿט אַ פֿאָר פֿונט עפּל און עטלעכע באַ־נאַנעס, האָט ער זיי אויפֿגעגעסן אין איין טאָג, און ער קען זיך עס ביז היינט ניט מוחל זיין.

וואו ער וואוינט איז אַ האַלבער יאַרד צעאַקערט ווי אַ גאָרטן. דאָס האָט קלמן געטאָן מיט די הוילע הענט. שוין צוויי יאָר ווי ער אַקערט דאָרט. ער האָט דאָרט פֿאַרלאָרן אַ דאַים און ער האָפֿט אים נאָך צו גע־פֿינען . . .

ער האָט אַמאָל געהערט אַ לעקציע פֿון אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אויפֿגעוויזן, אַז רו איז זייער נויטיק, און ווען אַ מענטש שלאָפֿט אַ שעה קריגט ער דערפֿון אַזויפֿיל כוחות ווי פֿון אַ גלאָז מילך. פֿון דאַן אָן, אַז ער דאַרף טרינקען אַ גלאָז מילך, לייגט ער זיך בעסער שלאָפֿן פֿאַר אַ שעה! . . .

קלמן האַלט שטאַרק פֿון „סעמפּלס". דאָס איז די וואונדערבאַרסטע זאַך. דו גייסט אין גאַס און מ'גיט דיר פֿריי קיי־גומי; אינדערפֿרי גע־פֿינסטו ביי דער טיר ראַזשינקעס, זייף און אַנדערע זאַכן. פֿון די אַלע זאַכן האָט ער שטאַרק הנאה. ער איז זיכער, אַז מ'נאַרט אים ניט אָפּ. אַ שאָד וואָס מ'גיט ניט קיין אויבער־מאַנטל און זייגערלעך פֿאַר סעמפּלס.

נאָר גוט איז וואָס מ׳גיט. אַלץ בעסער ווי צו קויפן . . .

קלמן האָט זייער ליב קינדער. אין אַ הויז וואו ס׳איז פאַראַן אַ קינד ברענגט ער דעם קינד אַ מתנה — אַ טרענספער פון דער טראָלי־קאַר, די „פאַניס” פון די ענגלישע צייטונגען וואָס ער געפינט אין סאָבווײ, אָדער ער איז אים מכבד מיט אויסלעשן דאָס שוועבעלע, ווען ער פאַר־רויכערט אַ סיגאַרעטל.

אַז איך פרעג אים אַמאָל: — קלמן, וואָס וועט זיין דער סוף? אַז דו אַרבעטסט כסדר, גיסט ניט אויס קיין סענט, קיין ווייב און קינדער האָסטו ניט, טאָ וואָס וועט ווערן פון דיינע אָפּגעשפּאָרטע געלדער? — צעלאַכט ער זיך און זאָגט:

— וואָס פאַלט דיר איין, אַז איך האָב געלט? אַז בסך־הכל קריג איך „פעי” אַלע צוויי וואָכן, און דאָס אויך ניט אין „קעש”, נאָר עפּעס אַ טשעקל. נו, טראָג איך עס באַלד אַוועק אין באַנק און גיי ווייטער אַרום אָן אַ פּעני געלט אין קעשענע! זאָגסטו, אַז כ׳האָב געלט!

# צו וואָס האָט זי דאָס באַדאַרפט?

מיין ווייב האָט אַ קוזינע, זעלדע הייסט זי, איז זי די גרעסטע ניט־פאַרגינערקע פון גאַנץ יונייטעד סטעיטס און קענעדע! טאָמער הערט זי, אַז אימיצער פון די באַקאַנטע האָט זיך געקויפט אַ נייעם מאַנטל אָדער אַ זייגערל, וועט זי שוין יענעם אויסמיידן, כדי, חלילה, ניט דאַרפן זאָגן אַ גוט וואָרט אָדער מאַכן אַ קאָמפּלימענט. ווער שמועסט, אַז אימיצער קויפט זיך אַן אויטאָמאָביל אָדער, חלילה, אַ הויז, דאַן מעקט זי שוין יענעם אינגאַנצן אויס אַלס אַ פריינט!

צו משפּחה, צו לאַנדסלייט גייט זי נאָר ווען זי הערט, אַז ס'איז צרות אין יענעמס הויז. טאָמער איז, חלילה, אין אַ הויז אַלץ אין אָרדענונג, ווייסט מען שוין, אַז זעלדע וועט דאָרט ניט אַריינשמעקן, ווייל ווען זי טרעט נאָר איבער די שוועל פון אַזאַ הויז, ווערט זי באַלד קראַנק פון ער־געריניש. און — קרענקען, — זאָגט זי, — איז גוט פאַר יענעם. ס'איז אַלעמאָל בעסער, אַז יענער קרענקט. זי האָט קיין כוח ניט דערצו!

אין אַ הויז וואו עס פעלט פּרנסה, כאַפּט זי זיך אַריין פון צייט־צו־צייט. אָנשטאָט זיך צו גיין צו „אַנדזשויען" אין די מואוויס, גייט זי בע־סער צו־גאַסט אין אַזאַ הויז אַריין. טאָמער ווערט נאָך אין אַזאַ הויז אי־מיצער קראַנק, איז אַוודאי גוט. ווער שמועסט, אַז ס'לייגט זיך דאָרט אַוועק אימיצער מיט אַ ריכטיקער קראַנקהייט, ווי למשל, מיט אַ שוואַך האַרץ, אָדער אַ קענסער, דאַן ליגט זי שוין דאָרט איבער טאָג־און־נאַכט!...

ביי מיר אין הויז איז זעלדע נאָך קיינמאָל ניט געווען. ערשטנס, פאַרגינט איר ניט מיין ווייב דאָס ביסל פאַרגעניגן וואָס זעלדע וואָלט גע־האָט, ווען זי זעט ווי אָרעם מיר וואוינען, און דערפאַר לאָדט זי איר קיינ־מאָל ניט איין. צווייטנס, האָבן מיר ניט קיין צייט צו קרענקען, ווייל מ'דאַרף מאַכן אַ לעבן, און זי גייט בעסער אין הייזער וואו מ'קרענקט און זי קען זיך דאָרט בעסער אויסלעבן און אַמוזירן מער ווי ביי אונז . . .

טרעפט זיך אַ מעשה, אַז מיין ווייב האָט זיך אויסגעגליטשט אין דער וואַנע, זיך אויסגעלענקט אַ פוס און זיך געמוזט אַריינלייגן אין בעט און קרעכצן. האָט זיך זעלדע דערוואוסט דערפון און אונז געלאָזט וויסן, דורך אַ פּאָסטל־קאַרד, אַז זי קומט אונז באַזוכן דעם קומענדיקן זונטיק. אַז מיין ווייב האָט דאָס דערהערט, האָט זי גענומען ברעכן די הענט און איז, פאַר שרעק, געזונט געוואָרן, און גענומען שרייען צו מיר מיט פאַרצווייפלונג,

אַז מ׳דאַרף זען עפּעס צו טאָן, אַנטלויפן פון הויז. זי וועט אַפילו גיין אין אַ האָספּיטאַל, אַבי זעלדע זאָל ניט קומען צו אונז.

איך האָב אוודאי מיט מיין ווייב סימפּאַטיזירט, אָבער וואָס צו טאָן, כדי צו פאַרמיידן דעם אומגליק, האָבן מיר זיך ניט געקענט דערטראַכטן.

אַ גליק איז געווען, וואָס אונזער שכן, מיסטער פריד, פון דער צווייטער טיר, איז אַריינגעקומען און אַז מיר האָבן אים דערציילט פון אונזער פאַרצווייפלונג, האָט ער אונז אָנגעבאָטן זיין הילף, כדי אונז צו ראַטעווען פונעם גרויסן אומגליק . . .

די פריד׳ס וואוינען מיט אונז אין שכנות שוין פאַר אַ סך יאָרן. מיר פאַרהאַלטן זיך ווי אייגענע. זיי זיינען פיינע, אינטעליגענטע און גאַנץ פאַרמעגלעכע מענטשן. וואוינען אין פינף פיין־מעבלירטע צימערן, מיט אַ פּיאַנאָ, פיינע קאַרפּעטס, שיין געשיר, פיינע קונסט־בילדער אויף די ווענט און פאַרשיידענע אָרנאַמענטן און צאַצקעס וואָס מאַכן אַ הויז אינטערעסאַנט און שיין. האָט מיסטער פריד, אַ איד מיט אַ חוש פאַר הומאָר, פאָרגעשלאָגן, אַז נעקסטן זונטיק זאָלן מיר זיך, פאַר איין טאָג, בייטן מיט די פלעטס. ערשטנס, זאָגט ער, וועט איר כאָטש איין טאָג וואוינען ווי לייטישע מענטשן; צווייטנס, וועט אייער קוזינע ווייכן פון אייך און איר וועט ניט דאַרפן מורא האָבן, געזונטערהייט, זיך ווייטער צו זיין די גרעסטע אָרימע לייט בכבוד גדול! . . .

איז דער פּלאַן אונז געפעלן און ער איז פון אונז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער מאַיאָריטעט! . . .

זונטיק איז מיין ווייב אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי. אָפּגעקאָכט אַ פיינעם מיטאָג. מיסעס פריד האָט באַשטעלט פאַר דעם טאָג דאָס שוואַרצע מיידל, וואָס אַרבעט ביי איר איינמאָל אין וואָך. דאָס מיידל האָט צוגערוימט דאָס הויז און זיך אויסגעפּוצט אין ווייסן. מיסעס פריד האָט אַוועקגעשטעלט דאָס שענסטע געשיר אויפן טיש און מיסטער פריד האָט באַצירט דעם טיש מיט עטלעכע פלעשער וויין, מיט שנאַפּס, און אַוועקגעלייגט אויף אַלע סמאָקינג־טישלעך פיינע ציגאַרן, קענדי, און אַז אַלץ איז געווען אין בעסטן אָרדענונג, זיינען זיי אַריין אין אונזער אַפּאַרטמענט (אַ צוויי־צימערדיקער, נעבעך . . .) און אונז געלאָזן אַליין, מיטן אָפּמאַך, אַז ווען זעלדע וועט קומען, זאָלן מיר זיי אַריינרופן און עסן צוזאַמען . . .

אַז זעלדע האָט אָנגעקלונגען און דאָס שוואַרצע מיידל האָט איר געעפנט די טיר, האָט זי, זעלדע, געמיינט, אַז זי האָט פאַרבלאָנדזשעט, נאָר מיין ווייב איז באַלד צו איר צוגעלאָפן, זי אַריינגעפירט אין ליווינג־רום.

דאָס שוואַרצע מיידל האָט, מעשה פאַרטערקע, צוגענומען ביי איר דעם מאַנטל און מיין ווייב האָט אויף איר אַ האָגל געטאָן מיט איר איינגעשטו־דירטן מאָנאָלאָג און געזאָגט:

— דו וועסט מיר אַנטשולדיקן, זעלדע, וואָס מיין הויז איז ניט צו־געראַמט און דער דינער איז ניט אַזוי וואָזשנע. דו ווייסט דאָך, אַז איך בין געלעגן אַ פּאָר טעג אין בעט, נאָר איצט בין איך שוין, גאָט צו דאַנקען, געזונט. גלויב מיר, אַז ס'איז ווערט געוועזן זיך אויסצולעגן אַ פּוס, אַבי צו האָבן אַזאַ גאַסט ביי זיך. נאָר אַ שאָד, וואָס כ'האָב נעכטן ניט געקענט אַרונטערגיין און איינקויפן אַביסל זאַכן און מאַכן אַ לייטישן דינער! נו, מילא, דו וועסט מיר מוזן אַנטשולדיקן. ס'צווייטע מאָל וועט שוין אַלעס זיין בעסער. לכבוד דיר האָב איך איינגעלאַדן אונזערע שכנים פאַר די־נער. פיינע מענטשן, — און דאָס זאָגנדיק, האָט זי אַריינגערופן מיסטער און מיסעס פריד און מיר האָבן זיך געזעצט עסן ...

איר ווילט וויסן דעם סוף? כ'פאַרשטיי. אויב אַזוי זייט אַזוי גוט און כאַפּט זיך אַריבער צו זעלדען אין הויז און זעט ווי זי ליגט אין בעט און קרעכצט פון היץ און האַלט אין איין טענה'ן צו זיך אַליין:

— צו וואָס האָב איך עס באַדאַרפט? צו וואָס בין איך מיט מיין האַי־בלאַד פרעשור געקראָכן וואו מ'האָט מיך ניט געבעטן? ס'איז זיי נאָך ניט גענוג די שלעפּערס! כ'זאָל זיי נאָך אַנטשולדיקן וואָס ס'איז ביי זיי ניט שיין גענוג! ניט רייך גענוג! ניט אויפגערוימט גענוג! גאַנ־צענע ראַקעפעלערס געוואָרן אין אַמעריקע! אין יוראָפּ האָט דאָס גע־פּעכעט אויפן פּיסק און דאָ . . . אוי! צו וואָס האָב איך דאָס באַדאַרפט קריכן צו זיי?

איצט גייט מיין ווייב באַזוכן זעלדען און אַמוזירט זיך ביי איר בעט!...

# געמישטע חתונות

דער באַרימטער פּראָפעסאָר, האָלע דריגע, פונעם סטעמפּאָרד אוני־ווערזיטעט פון קאַליפאָרניע, איז אַרויס מיט אַ נײַ בוך, וואו ער באַווײַזט, אַז געמישטע חתונות זײַנען אַ גליק פאַר דער מענטשהייט.

אין דער וועלט פון חיות, — זאָגט ער, — אַז מ׳פּאָרט צונויף, למשל, פערד אָדער הינט, פון פאַרשיידענע ראַסן קומען דערנאָך אַרויס גרעסערע פערד און בייזערע הינט.

אַז איך האָב דאָס געוויזן מײַן לאַנדסמאַן דעם באַרימטן שדכן, בערל בולבעניק, האָט ער זיך צעשריִען בזה־הלשון:

— זאָל זיך אים מישן אין קאָפּ, דעם שוטה׳וואַטן פּראָפעסאָר! ער וויל שוין ווידער פאַרקאָכן אַ קאַשע און אָנמאַכן אַ מיש־מאַש! ווינציק צרות האָבן מיר נאָך געהאַט אין אַמעריקע פון די צעמישטע חתונות?!

— ווען, — שרײַט בערל ווײַטער, — ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, איז דאָך דאָ געווען אַ הפקר־וועלט! אינדערהיים, אין יוראָפּ, האָט מען געוואוסט ווער איז ווער! מ׳האָט ניט צונויפגעפּאָרט אַן אָקס מיט אַן אינדיק! כל איש למינהו. יעדער איז געלעגן אײַנגעלייגט בײַ זיך אין לאָך, האָט געוואוסט זײַן שטאַנד, זײַן יחוס, זײַן גראַד! אָבער דאָ איז געווען אַ מיש־מאַש! אַוודאי וואָלט קיינעם ניט אײַנגעפאַלן, אין יוראָפּ, משדך צו זײַן אברהם דעם דיין מיט פּיוויש דעם טרעגער, אָדער איטשע דעם וואַלד־סוחר מיט לייבוש דעם שוסטער! און אויב צוויי שטעט האָבן זיך משדך געווען, האָט מען פריער גוט אויסשטודירט בײדע שטעט, אײדער מ׳האָט דורכגעפירט דעם שידוך. נאָר דאָ, אין דעם פינצטערן אַמעריקע, איז רעכט געווען, אַז דעם גביר׳ס שלמה שעכטער׳ס זון, זאָל גיין צו דער חופּה, מיט משה דעם וואַסערטרעגער׳ס טאָכטער, און זי נע־מען אַ נאַקעטע, ווי זי שטייט־און־גייט און איר נאָך געבן אַ דײַמאָנד־רינג אַ מתנה! באשר בכן, זיי האָבן זיך ליב! איז צוליב דער פינצטע־רער ליבע, מעג מען שוין אָפּטאָן די ערגסטע מעשים?!

— נאָר דאָס, — שרײַט בערל ווײַטער, — איז נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע. געווען נאָך ערגערע זאַכן. געווען רעכט, אין יענע פינצטערע צײַטן, צו נעמען און חתונה האָבן מיט אַ ליטוואַק, אַ רומעניש, אונגאַריש אָדער אַפילו אַ טערקישן אידן. אַבי מ׳האָט זיך נאָר ליב געהאַט. צוליב דעם ביסל כאַזערישע ליבע האָט מען שוין פאַרגעסן אין גאָט און פונוואַ־

נען מ׳קומט און ווער מ׳איז!

— ווייל, — פרעגט בערל, — ווייל וואָס, איך בעט אייך, קען רעדן אַן אָנשטענדיק גאַליציאַנער מיידל, אַ מאַמעס אַ קינד, מיט אַ ליטוואַק? און אַז ער וועט מיט איר רעדן אַ גאַנצן טאָג, וועט זי דען וויסן אַ וואָרט וואָס ער רעדט צו איר? איך געדענק, ווען מלכה די בעקערין, פון ריי־ווינגטאָן סטריט, האָט מיך אַמאָל געשיקט איך זאָל רעדן מיט אַ ליטווישן בחור, וועלכער האָט זיך אָנגעזעצט אויף איר טאָכטער, אַז איך זאָל אים בעטן, אַז ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון איר איינציק קינד, איר אויג אין קאָפּ, און זאָל זי לאָזן צורו, זי ניט פאַרשעמען פאַר די לאַנדסלייט, ווייל זי וועט דאָך ניט קענען ווייזן ס׳פּנים פאַר זיי, ווען זיי וועלן אויסגעפינען, אַז איר טאָכטער איז שוין אַזאַ בראַק, אַז זי מוז זיך שוין איבערגעבן צו אַ ליט־וואַק!... מ׳זאָגט, אַן אַלטע מויד, אַ מיאוס׳קייט, אַ שלאַק, מילא, זאָל זיין אַ ליטוואַק. אָבער דאָ, אַ יונג, שיין קינד מיט אַ בריליאַנטענעם כאַראַק־טער וואָס האָט ער צו איר?! אַי, וואָס ער שרייט, אַז ער האָט זי ליב, נו, זאָל ער ליב האָבן אַן אַנדער מיידל! מ׳זאָגט דאָך, אַז ס׳זיינען פאַראַן ליטווישע מיידלעך אויך אין אַמעריקע!

— איז, וואָס־זשע מיינט איר? — קרעכצט בערל, — האָב איך אויסגעפירט? איך האָב מיט דעם ליטוואַק איינגע׳טענה׳ט אפשר צווייי שעה, זיך געבעטן ביי אים מיט טרערן אין די אויגן, ער זאָל צורו לאָזן ס׳מיידל, אָבער ער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ווי אַ קאַלטער גזלן, אויסגעהערט, און אַרויסגעשאָסן איין וואָרט:

— גאָ־אַר!

— און, — קרעכצט בערל, — וואָס מיינט איר איז געוועזן דער סוף? דער סוף איז געוועזן אַ ביטערער! זיי האָבן חתונה געהאַט. לעבן שוין אפשר פערציק יאָר צוזאַמען, האָבן שוין גרויסע אייניקלעך. אַלעס איז ביי זיי געגאַנגען גאַנץ גלאַט, זיי זיינען גאַנץ פאַרמעגלעכע מענטשן, אָבער וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס, מ׳שטיינס געזאָגט!?

— זאָגט ער, — לאַכט בערל, — זאָגט ער, הענג אויף דעם פוטער דיינעם און זאָל ער מיר ניט ליגן פאַר די אויגן! שרייט זי:

— הענג בעסער אויף דיין טאַטן! וואָס האָסטו צו מיין פוטער, דו ליטוואַק!

צעשרייט ער זיך צוריק:

— ווער רעדט וועגן דיין פאָטער! איך מיין דו זאָלסט אויפהענגען דיין פוטער, דיין פעלץ! אַ מענטש זאָל ניט פאַרשטיין וואָס מ׳רעדט צו איר!

— אַהאַ, — שרייט זי צוריק, — ווען דאָס וואָלט גערעדט אַ מענטש, וואָלט שוין געווען גוט! דאָס רעדט דאָך אָבער אַ ליטוואַק, וואָס שבת איז ביי אים סאַבעס, און פיש, זיינען ביי אים פיס, און פסח, איז ביי אים פעי־שאַך. גלויב מיר, אַז ווען מיין מאַמע הערט ווי דו גיסט צו מיר אַ זאָג, דערלאַנג מיר די פיס, קומט ביי אונז ביידע ס'בלוט אין פּנים אַריין!...

— אָט אַזוי, — שרייט בערל, — רייסט מען זיך שוין פערציק יאָר אַרום צוליבן לשון, וואָס ביי אים, דעם ליטוואַק, הייסט דאָס „לאָסן"! פרעג איך אייך, מעג ניט קומען אַן אומגליק אויף דער פינצטערער ליבע, אַז צוליב איר דאַרפן מענטשן זיך אַזוי מאַטערן אַ לעבן לאַנג!

— און דאָס, — שרייט בערל נאָך העכער, — און דאָס איז נאָך גאָרניט! נאָך ערגער איז מיטן עסן! איר ווייסט וואָס עס מיינט, אַז אַ גאַליציאַנער מיידל דאַרף אַ לעבן לאַנג קאָכן הערינג מיט פּאָטעיטאָס, פלוימען מיט רעטאַך, מאַכן אַ לאָקשן־קוגל מיט זאַלץ און פיש מיט פעפער און קאָכן אַ זופּ מיט נישט און טרינקען טיי מיט שטיקלעך צוקער „פּריקוסקי". דאָס איז אַ לעבן? דאָס איז דאָך אַ רעגעלער גיהנום!

— נו, און די קינדער, — שרייט בערל, — וואָס קומען אַרויס פון אַזאַ פּאָר־פאָלק? דאָס זיינען דאָך עפּעס ווי ס'וואָלטן זיך אַרומגעדרייט ווילדע קאַטשקעס אין הויז! זיי קרימען נאָך אי דעם טאַטן און אי דער מאַמען! אַז דער טאַטע און די מאַמע מעגן, פאַרוואָס זאָלן זיי ניט טאָרן?!

— ווען דער בהמה'וואַטער פּראָפעסאָר וואָלט דאָס אָבער אַלץ צו־געזען ווי איך זע דאָס, וואָלט ער ניט אַרויסגעקומען מיט אַזאַ שוטה'וואַטע בוך, אַז מ'זאָל אים גיין צוזאַמענפּאָרן כל המינים מענטשן, באשר בכן, ס'וועלן אַרויסקומען דערפון געזונטע גוים!

— כ'לעבן, — פאַרענדיקט בערל, — כ'לעבן, ווען מ'זאָל צוזאַמענ־פּאָרן אַזעלכע צוויי פּראָפעסאָרן, וואָלט פון זיי אַרויסגעקומען אַ חיה, וואָס וואָלט געווען האַלב פּראָפעסאָר און האַלב — מענטש!...

# מ׳רעדט צופיל אידיש...

מיין באַלעבאָס, יצחק טראָפּ, איז אַ איד אַ גרויסער בעל־צדקה. ער האָט ליב צו געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט דערפאַר, ווייל זיין ברייטע האַנט האָט ער ליב אַריינצושטעקן אין יענעמס קעשענע, אַרויסשלעפּן פון דאָרט וויפיל ער קען נאָר, צעטיילן עס פאַר צדקה און קריגן דערפאַר כבוד. פון די עטלעכע הונדערט אַרבעטער, וואָס אַרבעטן פאַר אים, טרעפט טאַקע זעלטן אַז אַן אַרבעטער זאָל אַריינגיין נאָך „פּעי״ און זאָל דאָרטן ניט איבערלאָזן עטלעכע דאָלער פאַר צדקה.

איינמאָל, כ׳גיב אַ קוק אין מיין קאָנווערט, עס פעלט מיר זעקס דאָ־לער. אָבער דערפאַר ליגן זיך דאָרט ~~בהרחבה/דגק~~ צוויי בילעטן פאַרן אידישן טעאַטער. ווייס איך שוין, אַז דאָס מאַכט זיין סאָסייעטי אַ בענע־פיט, און כאָטש איך בענק זייער נאָך די זעקס דאָלער, וועלכע פעלן מיר אין קאָנווערט, דאָך בין איך זייער צופרידן דאָס מאָל צו גיין אין אידישן טעאַטער, ווייל עס בענקט זיך מיר נאָך אַ אידיש וואָרט, נאָך אַ אידיש ליד, נאָך אַ אידישן ניגון, און טאַקע נאָך אַ אידישן עולם. ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז מיר זיינען אינגאַנצן עטלעכע אידישע אַרבעטער צווישן עטלע־כע הונדערט קריסטן. איז אַ גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט רעדט מען גוי־איש, מ׳זינגט גוי׳אישע לידער, מ׳שפּאַסט און מ׳רעדט וועגן בעיסבאָל, וועגן פאַיטס, וועגן פּאָליטיק — אַלץ אויף גוי׳איש, און עס בענקט זיך מיר צו הערן אַ אידיש וואָרט.

אָבער אַריינקומענדיק אין אידישן טעאַטער מיט מיין ווייב, (און אָריענטירנדיק זיך אַביסל) כ׳גיב אַ קוק, עפּעס אַ מאָדנער עולם. כ׳קען שווערן, אַז צווישן עולם זיינען פאַראַן מער קריסטן ווי אידן. איך גיב נאָך אַ קוק — דאָס זיינען טאַקע דיזעלבע גוים מיט וועלכע איך אַרבעט שוין יאָרן־לאַנג צוזאַמען און פון וועלכע איך וויל זיך באַפרייען אויף עטלעכע שעה. אָבער אויך דאָ אין טעאַטער, אין אידישן טעאַטער, זיינען זיי דאָ! און עס הויבט זיך אָן אַ באַגריסעניש, אַ דערלאַנגען זיך די הענט, אַ פאָר־שטעלן זיך די ווייבער:

— העלאָו, הערי! איז דאָס דיין ווייב?

— אָה, העלאָו דזשאַן! מיט מאַי וואַיף!

— העלאָו, מעק! העוו עי סיגאַר!

— היער, טאָני! העוו עי דרינק!

און אַזוי האָט מען זיך אָנגעהויבן באַגריסן, זיך פאָרשטעלן די ווײַ־בער, זיך מכבד זיין מיט סיגאַרן, מיט קענדי און איבערהויפּט מיט שנאַפּס. און ס׳איז אַוועק אַ סדרה מיט אויספרעגן וואָס מען מאַכט, מיט קלאַפּן זיך איבער די פּלייצעס. מ׳איז געוואָרן פריילעך. דער גאַנצער טעאַטער איז געוואָרן פאַרהילכט מיט פאַרשיידענע גוי׳אישע אַקצענטן. אַן איירישמאַן האָט זיך באַגריסט מיט אַן איטאַליענער, אַ שוועד האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט אַ דייטש און אַ רוס האָט געטרונקען „לחיים" מיט אַן אונגאַר. און צוליב די גוים האָט שוין דאָס ביסל אידן אויך גערעדט ענגליש. און אַזוי האָבן אין אידישן טעאַטער אָפּגעקלונגען אַלע זיבעציק לשונות, און דאָס אידישע לשון איז ערגעץ אויסגעוועפּט געוואָרן . . .

און אַז דער באַלעבאָס, מיסטער טראַפּ, איז אַרײַנגעקומען, זיך באַ־גריסט מיט אַלעמען, און איך האָב אים געזאָגט אַז איך באַוואונדער זיין כוח צוזאַמענצוברענגען אַזוי פיל גוים אין אידישן טעאַטער, אין דער צייט וואָס איך קען מיינע אידישע קינדער בשום אופן ניט באַוועגן צו גיין זען אַ אידישע טעאַטער־פאָרשטעלונג, האָט ער מיט אַ ברייטן שמייכל מיר געענטפערט:

— אָט אַזוי ווי איר זעט, איך האָב געהייסן דער בוכהאַלטערין אַרייַנ־לייגן יעדן צו צוויי בילעטן אין קאָנווערט אַריין און זאָלן זיי אויך אַמאָל הערן אַ אידיש וואָרט. וואָס־זשע, מיר מוזן דאָס גיין כסדר אין זייער טעאַטער? סיי־ווי וועלן זיי דאָס געלט פאַרשניאַשקען. אדרבא, זעט ווי זיי זיינען שוין פאַרשניאַשקעט. זיי וועלן סיי־ווי ניט וויסן וואָס זיי זעען!...

אָבער אָט ווערט אין טעאַטער פינצטער. דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף און דער אָרקעסטער צעשפּילט זיך. די סצענע שטעלט פאָר אַ בריק אויף וועלכן עס שפּאַצירן יונגע מיידלעך מיט מענער, וועלכע פאַכען מיט שטעקלעך און זיי זינגען. אַ צווייטער טייל מענער מיט מיידלעך שטייען ביי דער פאַרענטשע מיט ווענטקעס און כאַפּן פיש. אַ איד, מיט צעבראָ־כענעם אידישן אַקצענט, און אַ יונגע האַלב־נאַקעטע מיידל גלעט אים דעם פּליך און זאָגט אים: „טוטצי, דאַרלינג", „קיס מי האָני". און דער איד זאָגט: „אַי לאַיק יו, ביסט אַ זאַפּטיק מיידל". און דער מאַן מיטן סאַק־סאָפאָן לאָזט אַלעמאָל אַרויס אַ ווילדן טרומייטער און שרעקט איבער דאָס פּאָרל. און דער עולם לאַכט. אין טעאַטער איז פריילעך, און מיינע איי־רישע, שוועדישע, איטאַליענישע און פראַנצויזישע שכנים אַפּלאָדירן, רוקן זיך צו צו די ווייבער, לעקן די פינגער און שרייען:

— איט׳ס אַ קעי!

— איט׳ס וואָנדערפול!

# לחיים אידן

— איט׳ס פאַני!

און אַזוי וואַקסט די באַגייסטערונג צווישן עולם מיט יעדן אַקט אַלץ מער און מער. און ווען דער פאָרהאַנג פאַלט ביים לעצטן אַקט, שפּילט די מוזיק אויף אַ פרייילעכס און מיין באַלעבאָס שעפּט נחת וואָס די גוים געפעלט די „שאָו", און זיי דריקן אים די האַנט און דאַנקען אים פאַר דעם פּלעזשור וואָס ער האָט זיי פאַרקויפט.

נאָר איך איינער גיי אַהיים אַ טרויעריקער, אַן אַנטוישטער; און מיין בענקעניש נאָך אַ אידיש וואָרט, נאָך אַביסל אידישע אַטמאָספערע, האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט . . .

דעם צווייטן טאָג איז דער גאַנצער שאָפּ געגאַנגען אויף רעדלעך. באַרוישט פונעם פריילעכן אָוונט, האָט דער עולם נאָכדערציילט און נאָכגעמאַכט ווי דאָס מיידל האָט געגלעט דעם פּליך ביים אידן מיט דער באָרד, אים גערופן „טוטצי", „דאַרלינג", און ווי ער האָט געזאָגט: „קיס מי, האַני" . . . מ׳האָט געפּרואווט נאָכזינגען די ניגונים. און מיטאָג־צייט האָט מען גענומען דעבאַטירן, און ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז קיינער קען זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן אינעם אינהאַלט פון דער שפּיל. פאַרוואָס? דאָס האָט קיינער ניט געקענט דערקלערן! . . .

ביז אַן אַרבעטער, אַ פּאָליאַק, אַ היפּשער אַנטיסעמיט, האָט זיך אַריינגעמישט און געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע, און גענענדיקט, אַז די „שאָו" וואָלט געווען אַ גאַנץ גוטע, נאָר איין חסרון האָט זי: מ׳האָט אַריינגעמישט צופיל אידישע ווערטער. ער זעט ניט, — האָט ער זיך געקאָכט. — צו וואָס מ׳דאַרף אַזוי פיל אידישע ווערטער ביי אַן ענגלישער שאָו?!...

אויף דעם האָט אים אַ צווייטער, אַ שוועד, געענטפערט, אַז די עטלעכע אידישע ווערטער זיינען נויטיק, כדי צו האָבן אַביסל „פאַן" . . .

און דער באַלעבאָס, מיסטער טראָפּ, האָט שטילערהייט געזאָגט:

— איר זעט, מיט גוים זאָל מען האַנדלען. ווייזט מיר אַ אידן וואָס זאָל אַזוי לעקן די פינגער פון אַ אידישער שאָו?! . . .

# איך שטיי אין לײַין

אַלע מענטשן, אַז זיי הערן, אַז מען דאַרף שטיין אין דער ריי און וואַרטן אויף „נעקסט”, פאַלט אויף זיי אַ פּחד. איך, פאַרקערט, האָב אַלע־מאָל ליב צו שטיין אין דער ריי.

ביי מיר איז עס אַ גרויס פאַרגעניגן! . . .

די ריי — דאָס איז די גרעסטע דעמאָקראַטישסטע אינסטיטוציע! אין דער לײַין איז ניט פאַראַן קיין מיוחסים. קומסטו פריער, פאַרכאַפּסטו אַ פּלאַץ — איז ער דיינער! פון פאָרנט שטייען מענטשן וועמען דו ביסט מקנא, אָבער הינטער דיר שטייען אַ מאַסע מענטשן, וועלכע זיינען דיך מקנא און ווערן צעפּלאַצט פּונקט ווי דו, אָבער דו שטייסט זיך זיכער און שטאָלץ, אַז דו וועסט דיין חלק קריגן פריער פון אַ סך אַנדערע! . . .

און דערפאַר, זינט איך בין אין אַמעריקע, שטיי איך אין „לײַין”! וואו איך זע ערגעץ אַ לײַין, שטעל איך זיך אַוועק און — וואַרט! . . .

אין מיינע גרינע יאָרן, ווען ס׳איז געווען אַ מאָדע צו זיין אינטעלי־גענט און מוזיקאַליש און יונגעלייט און מיידלעך פלעגן שטיין טעג און נעכט לעבן מעטראָפּאָליטען אָפּערא הויז צו הערן קאַרוזאָ׳ן זינגען, האָט איר מיך געקענט טרעפן דאָרט. אַז אַננאַ לאַפּאָווגאַ האָט געטאַנצט אין „היפּאָדראָם”, אַז גרישאַ סמאַרקאַטש האָט געשפּילט אין קאַרנעגי האָל און קלאַראַ סערנאַרד איז אויפגעטראָטן אין „מאַדאַם לאַקס” — איבעראַל האָט איר מיך געקענט טרעפן וואַרטן אין דער „לײַין”! . . .

אין דער לײַין איז געווען פריילעך! אַלע באַקאַנטע האָב איך דאָרט געטראָפן! אַלע אַריעס האָט מען דאָרט אונטערגעברומט. אַלע מיינע וויצן פלעג איך דאָרט „פאַרקויפן”. גאַנצע זעק מיט פּינאַטס האָבן מיר דאָרט אויסגעקנאַקט. עס איז געווען פריילעך, כאָטש מ׳איז אַמאָל געווען הונגעריק! . . .

אין דער לײַין: שטונדן לאַנג פלעג איך שטיין אַריינגעסענדוויטשט צווישן אַ וואַזשנער אַריסטאָקראַטישער אַנגעפּאַרפיומירטער דאַמע פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט, איז אויף מיר געשטאַנען אַנגע־שפּאַרט אַ הייסער איטאַליענער, וועלכער האָט פאַרשפּרייט אַ שמעקעדיקן גערוך פון קנאָבל־דופט, וואָס האָט געקענט פאַרטרייבן אַ — בער, אָבער ניט מיך! איך בין ווי אַ העלד געשטאַנען!

און אַז די לײַין האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן און ס׳איז געקומען מיין

„נעקסט" צו קויפן אַ בילעט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב ניט קיין געלט און האָב ווי אַ מאַרטירער איבערגעלאָזן די לאַין . . .

אין די קריזיס־יאָרן פלעג איך אָפּשטיין שטונדן ביי דער סאַלוועישאָן אַרמיי און וואַרטן פאַר אַ טעלער זופּ אָדער אַ שטיקל ברויט. און אַז איך האָב עס געקראָגן, האָב איך עס דערלאַנגט מיין שכן און אַליין זיך אַרויס־געגליטשט און אַוועק אין אַן אַנדער לאַין . . .

ווען די באַנקן האָבן געקראַכט, בין איך געשטאַנען אין לאַין, כאָטש איך האָב דאָרט קיין פּעני ניט געהאַט. מיינע באַקאַנטע פלעגן באַוואונ־דערן מיין בראַווקייט: פאַרלאָרן אַנגעהאָרעוועט געלט און דאָך — שטייט ער אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער און ס'אַרט אים ניט! . . .

אין דער לאַין, דאָרט האָב איך אויסגערוט מיינע נערוון. דאָרט האָט מען זיך ניט געשטופּט, ניט געאיילט, דאָרט איז מען געשטאַנען רואיק, געדולדיק. דאָס ווערטל: "טאַים איז מאַני" האָט מען דאָרט ניט גע־הערט! . . .

די לעצטע צייטן, אין די מלחמה־יאָרן, איז די „לאַין" געוואָרן אַן אינסטיטוציע: אַ לאַין פאַר צוקער, אַ לאַין פאַר פלייש, אַ לאַין פאַר סי־גאַרעטס, פאַר זאָקן; ביי די באַנען אַ לאַין; ביים נעמען חתונה־לאַי־סענס אַ לאַין; ביי די מואוויס אַ לאַין. בקיצור, הימל־און־ערד־און־לאַין!

און אין אַלע לאַינס בין איך געשטאַנען! איך רויכער ניט, האָב ניט וועמען צו קויפן נאַילאָן־זאָקן. איך בין געשטאַנען ניט ווייל איך האָב עפּעס באַדאַרפט, נאָר ווייל כ'האָב באַדאַרפט די — לאַין! . . .

איין אומגליק איז נאָר געווען, וואָס כ'האָב מיין ליידנשאַפט צו שטיין אין לאַין געמוזט דערשטיקן אין זיך. גיין דערציילן מיינע פריינט, אַז איך לייד פון אַ קראַנקהייט צו שטיין אין לאַין גלאַט אַזוי פאַר פאַרגעניגן, כאָטש איך דאַרף גאַרניט קויפן, וואָלטן זיי זיכער גערופן אַן אַמבולאַנס און מיך אַוועקגעשלעפט אין בעלוויו האָספּיטאַל!

אַזאַ משוגענער האָט עס כשר פאַרדינט!

אָבער איצט?! איצט איז ענדלעך געקומען מיין צייט, איצט זיינען שוין פאַראַן אַ סך משוגעים ווי איך! אין די טויזנטער! . . .

איצט איז דאָ אַ גאַנצע באַוועגונג צו שטיין אין לאַין און — הערט און שטוינט — אַ לאַין — אויף ניט קויפן!

קויפט ניט!

דאָס איז די נייעסטע לאָזונג! לאָזט ניט פון זיך אַרונטערשינדן די הויט!

## חירש רייף

גייט אַרויס דעמאָנסטראַציע אין די גאַסן, שטעלט זיך אין דער לאַין לעבן די געשעפטן, טראָגט פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן:

„קויפט ניט!"

„קויפט ניט קיין פלייש, קיין פיש, קיין בארשט, קיין פוטער, קיין גרינס, אייער, קעז, קויפט גאָרנישט! קויפט ניט, זאָל אַלעס פאַרפוילט ווערן!"

ווייל סיי ווי וועט איר פאַר אייער געלט גאָרנישט קריגן! זאָלן זיי האַלטן די פאַרפוילטע סחורה און איר — האַלט דאָס געלט!...

אַט דאָס איז דער געשריי פון טאָג!

און עס שטייען לאַינס אויף ניט צום קויפן! ניט קויפן און — ניט לאָזן יענעם קויפן!

און איך?

איך גיי אַרום פון איין לאַין צו דער צווייטער און שריי: אידן, זעט ווי איך קויף ניט!...

איר פאַרשטייט? איך שעם זיך ניט, איך שטאָלציר!

אַ גאַנצן לעבן געשטאַנען אין לאַין אונטער פאַלשע פרעטענזיעס, ניט געווען מוזיקאַליש, ניט געהאַט קיין געלט אין באַנק, ניט געקויפט גאָר־ניט, גלאַט געשטאַנען אין לאַין! לאַין־לשם־לאַין! פּונקט ווי קונסט־לשם־קונסט! אָן אַ סאָציאַלן אונטערשלאַק!...

אָבער איצט?!

איצט בין איך אַ קלאַסן־באַוואוסטער, קעמפנדיקער ניט־קויפער! איצט האָט מיין שטיין אין לאַין געקראָגן אַן אינהאַלט. איצט נעם איך אַן אַ פול מויל מיט שריי־מאַטעריאַל און שריי ביז צו די הימלען:

„אידן! נעמט זיך אַראָפּ אַ ביישפּיל פון מיר, דעם אייביקן ניט־קויפער און — קויפט ניט!

שטייט אין לאַין און — קויפט ניט!..."

# מיין אייביקער שונא

ווי איר ווייסט, איז שרייבן הומאָר איינע פון די לייכטסטע זאַכן. ניט אומזיסט זאָגן מיינע קאָלעגן שרייבער, אַז איך האָב אַ „רעקעט". איך דענק טאַקע, אַז זיי האָבן רעכט אויך. אַ סך מאָל שעם איך זיך טאַקע זיי צו קוקן אין פּנים אַריין. זיי, די ערנסטע שרייבער, דאַרפן נעבעך אַר־בעטן שווער און ביטער, זיך גריבלען אין שווערע ביכער, האָבן צו טאָן מיט פאַקטן, ציפערן און דאָקומענטן, און איך נעם מיר אַ פּשוט שטיקל פּאַפּיר, זעץ זיך אַוועקעט און — שרייב . . . ניט איך דאַרף אויסטראַכטן אַ נייע טעאָריע, ניט איך דאַרף אַ פּאָליטישע אָריענטאַציע, ניט איך דאַרף זיין לאָגיש און ניט איך דאַרף זיך האַלטן ביי דער טעמע, ניט איך דאַרף מורא האָבן אימיצן אַריינצוזאָגן, אָדער באַליידיקן. בקיצור: איך האָב ניט קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווייל אין הומאָר מעג מען זיך אַלעס פאַרגינען און ס'איז מיר גוט ווי די וועלט! . . .

פון מיינע לייענער האָב איך אויך ניט קיין צרות. זיי לייענען מיינע זאַכן לייכט, אַזוי זיך, פאַרבייגייענדיק. אַז ס'איז זיי אָנגעדרודלט אויפן האַרצן, טראַכטן זיי: לאָמיר כאַפּן אַ קוק וואָס ער זאָגט דאָרט. און אַז זיי טרעפן מיך, זאָגן זיי: „סעי, ביזט אָן קעי! האָב געלייענט אַנומעלטן דיינס א . . . — ווי רופט מען דאָס? נו, וואָס איז אַ חילוק ווי מ'רופט דאָס, אַ גאַנץ פיין שטיקעלע, ס'טנאָך אַמאָל זיין אַ רעגעלער שרייבער!"..

איינער אַ לייענער מיינער, טרעפט מיך אַנומעלטן אין גאַס, דרוקט ער מיר אַריין אַ פאַרשוויצטע האַנט און זאָגט:

— איר ווייסט, לעצטע וואָך האָב איך מיך אָנגעשטויסן אין פעיפּער אויף אייערס אַ זאַכעלע און ס'איז געווען ניט שלעכט! איר וואָלט אַמאָל באַדאַרפט אויפשרייבן עפּעס אַן אמת'ע זאַך, אַז ס'זאָל זיין וואָס צו לייע־נען אויך.

מיין לאַנדסמאַן איטשע, קומט אַנומעלט אַרויף צו מיר און זאָגט:

— דו ווייסט, הערי׳ש? מיר, די לאַנדסלייט, האָבן לעצטע וואָך גע־רעדט וועגן דיר אויף דילענציע קאָרנער נאַרפאַלק, האָט זישע געזאָגט, אַז ס'איז ניט באַשערט, אַז פשעמישל זאָל אַרויסגעבן כאָטש איין לייטישן שרייבער. עפּעס אַ שרייבער, וואָס ס'זאָל זיין עפּעס וואָס צו לייענען פון אים. ער מיינט ניט, חלילה, אַז דאָס וואָס דו שרייבסט איז אינגאַנצן ניט גוט. ס'כאַפּט זיך ביי דיר אַרויס אַ שטיקל וואָס איז ניט שלעכט, נאָר וואָס

קומט אַרויס, אַז ס'גאַנצע שטיקל איז גרויס ווי אַ גענעץ, און דערצו איז עס עפּעס אַזוי לייכט צו לייענען, עפּעס אַזוי ווי פאַר קינדער . . . איך האָב אים געזאָגט, דעם זישע'ן, אַז ער איז אַ בהמה. ווען ער וואָלט גע־האַט אַן אייגענעם קאָפּ אונטערן קאַפּעליוש, וואָלט ער ניט נאָכגעפּלאַפּלט וואָס די לאַנדסלייט רעדן צווישן זיך . . . מיר, זעסטו, געפעלט גראָד יאָ דיין שרייבן. ניט אַזוי וואָס דו שרייבסט, נאָר וואָס דו האָסט שכל און צערייסט דיר ניט דעם לעטניק! . . . גיי, לייג אַריין דעם טאַטן און די מאַמען אינעם שרייבן, כדי ס'זאָל געפעלן דעם בהמה'וואַטן זישע'ן! אַ גליק וועט דיך טרעפן! דו ביזט אָבער ניט קיין נאַר און האָסט זיך אַלעמאָל געכאַפּט צו די ליאָוּוקע מלאכות. דו האָסט אַלעמאָל ליב געהאַט אַ צור־קערלעקעכל! . . .

מיינע קאָלעגן, די פּאָעטן, זיינען מיר גאָר מקנא און דענקען, אַז איך בין גלאַט אַן אומגליק, אַ הויקער אויף דער אידישער ליטעראַטור! גלאַט איך שרייב! ניטאָ אין מיין שרייבן קיין ריטם ,קיין סובסטאַנץ, קיין וויזיע, קיין אינטעלעקט, קיין דינאַמישקייט און קיין רעפלעקסיע. בין אַלע מאָל סוביעקטיוו, אַפּאַטיש, האָב ניט קיין עמאָציעס, קיין אינטואיציע, קיין אָב־ליגאַציע, דאַרף ניט זוכן קיין גראַם, קיין פילאָזאָפישן געדאַנק קיין סאָציאַ־לע מאָטיוון. פאַרשרייב גלאַט גאַנצע בערג מיט פּאַפּיר. און וואָס בלייבט דערפון? קליאָטשע, קלייען, גאָרניט מיט נישט. איך האָב אַ רעקעט און — שרייב . . .

הכלל, צייטנווייז פיל איך טאַקע, אַז איך האָב אַ רעקעט און וואָלט הנאה געהאַט פון מיין ברעקל לעבן. האָב איך אָבער איין ביטערן שונא, וואָס פאַר'סמ'ט מיר ס'ביסל גליק. דאָס איז דער — רעדאַקטאָר! דאָס איז אַן אמת'ער אַנטיסעמיט, אַ שונא־ישראל, וואָס דערגייט מיר די יאָרן! וואָס איך ברענג אים, געפעלט אים ניט! כאַטש נעם און זעץ זיך אוועק און טראַכט אויס אַזוינס און אַזעלכעס און ערשט דערנאָך קען ער עס מיר וואַרפן אין פּנים אַריין! . . .

אַז איך פרעג אים איבער, וואָס איך זאָל שרייבן, זאָגט ער, אַז איך זאָל שרייבן איבער וואָס איך וויל נאָר אַליין, אַבי ס'זאָל זיין וויציק. נעם איך און שרייב אַן אַ זאַך, און האַק אַריין וויפיל וויצן איך קען נאָר. גיט ער עס מיר מיט אַ בייזער צוריק און שרייט, אַז איך האָב אַריינגעבראַקט אַ ים מיט וויצן, אָבער וואו איז די מעשה? גלאַט זאָגן וויצן, איז דאָך קיין חכמה ניט! טו איך שוין פאַרקערט און נעם איין וויץ און דערצייל וועגן אים אַ גאַנצע מעשה, — זאָגט ער, אַז דאָס איז גלאַט געבעבעט! וועלכער לייענער וועט דאָס וועלן איבערלייענען אַ גאַנצע נודנע מעשה

ביז ער וועט צוקומען צו עפעס אַ נאַרישן וויץ? נעם איך שוין און שרייב אַן אַ וויציקע מעשה מיט אַ וויציקן סוף. שרייט ער, אַז ס'איז אַן „אַנטי־קלימאַקס": מ'דאַרף דעם לייענער אויך געבן אַ געלעגנהייט צו נוצן זיין פאַנטאַזיע. נעם איך שוין און לאָז די מעשה שטיין אין מיטן, ניט פאַר־ענדיקט. זאָגט ער, אַז ס'איז גלאַט אידיאָטסטוואָ, ווייל וועלכער לייענער וועט זיך דאָס גיין אָנשטויסן, וואָס איר האָט — ביי אייך אין געדאַנק — געמיינט?

אַ סך מאָל וועגט ער דעם מאַנוסקריפּט אין דער האַנט און אויב ער איז צו־שווער, ציילט ער, דער רעדאַקטאָר, איבער די בלעטלעך און זאָגט מיר באַלד, אַז ס'טויג ניט. ס'איז צו־גרויס! ער וויל אים גאָרניט לייע־נען! נעם איך אַהיים דעם מאַנוסקריפּט, שרייב אים איבער אויף דין פּאַפּיר, מיט קליינטשינקע בוכשטאַבן. זאָגט ער, אַז ער לייענט ניט קיין מאַנוסקריפּטן מיט קיין שפּאַקטיוו! . . .

הכלל, ביז איך דערלעב שוין צו הערן פון אים דאָס באַרימטע וואָרט: „ס'איז אָלראַיט", קריכן מיר אַרויס די אויגן פון קאָפּ.

נאָך אַט דער בשורה־טובה לויף איך שוין אַהיים אַ גליקלעכער. ענד־לעך ווייס איך, וואָס דער רעדאַקטאָר וויל! אַ צופרידענער זעץ איך זיך באַלד אַוועק און שרייב אָן נאָך אַזאַ זאַכעלע, טאַקע אויף דער זעלבער טע־מע און, אַ גליקלעכער, ברענג איך עס אים מיט פרייד צוטראָגן. אַז ער דערזעט עס, צעשרייט ער זיך:

— איר זייט דאָך אַן אמת'ע בהמה! טאָמער האָט איר איין מאָל אין אייער לעבן אויסגעקוועטשט אַ האַלב־גלאַטע זאַך, גייט איר זיך ווידער־האָלן און אָפּשוואַכן דעם פריערדיקן איינדרוק?!

ווי איר זעט, וואָלט איך מיר געקענט האָבן אַ פיינעם „רעקעט", האָב איך אָבער אויף מיין קאָפּ אַ רעדאַקטאָר, וואָס איז אַן אַנטיסעמיט, אַ שונא־ישראל, וואָס פאַרגינט ניט, אַז אַ איד האָט אַ לייכטע פרנסה! . . .

# אַ נייער אומגליק — ברוקלין

יעדן מאָל, ווען מ׳דערמאָנט ברוקלין, הויבט אין מיר אָן צו קאָכן דאָס בלוט פאַר רציחה. איך האָב פײַנט ברוקלין! ווער שמועסט איצט, אַז מ׳וויל מיר איינרעדן, אַז ברוקלין איז אַלט געוואָרן דריי הונדערט יאָר, איז ביי מיר רעכט אַריבערצופאָרן קיין ברוקלין און זיי דאָרט אויספּאַטשן, די באַנדיטן, וועלכע האָבן אויסגעטראַכט ברוקלין.

לויט מיין מיינונג איז ברוקלין עלטער פון טויזנט יאָר. טאָמער גלויבט איר מיר ניט, נעמט אַ קאַר (אויב איר וועט קריגן) און פאָרט זיך דורך אין וויליאַמסבורג, גרינפּאָינט, איסט ניו־יאָרק, סייפּרעס הילס און די איבעריקע טויזנט מדינות פון ברוקלין, וועט איר זען צי איך האָב רעכט צי ניט. איך בין זיכער, אַז צו יעדן הויז וואָס איר וועט צוגיין און פרעגן ווי לאַנג עס שטייט שוין דאָרט און וואַרט אַז מ׳זאָל עס אַרונטער־רייסן, וועט עס אייך מאַכן אַ חשבון פון אַ פינף־זעקס הונדערט יאָר!

ווען איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע, האָט מיר מיין מומע רבקה מיט־געגעבן אַן אַדרעס צו אירן אַ פעטער אין אַמעריקע.

— „אַז דו וועסט זיין אין נעוויאָרק״, — האָט זי געזאָגט, — „וועס־טו צוגיין צו מיין פעטער קיין ברוקלין. ס׳איז אַ שטעטל לעבן נעוויאָרק, און אים לאָזן גריסן״.

דער סוף איז געווען, אַז אין ניו־יאָרק האָב איך זיך באַלד דערפילט הײמיש. ניט נאָר האָב איך באַלד געוואוסט ווי אַזוי צו פאָרן מיט דער פערד־קאַר אָדער עלעוועיטעד־באַן, נאָר וואו ערגעץ אַן עלעקטריק־קאַר, בין איך דאָרט געווען אַ מחותן. איך האָב אַפילו באַלד אויסגעפונען דעם קונץ ווי אַזוי פאַר איין ניקל צו נעמען עטלעכע „טרענספערס״ און פאָרן אַפּטאַון, הין און צוריק . . .

אָבער אַז ס׳איז געקומען צו ברוקלין איז געווען צרות! ווען איך האָב געוויזן מיינע לאַנדסלייט דעם אַדרעס פונעם ברוקלינער פעטער, האָט זיך צווישן זיי אָנגעהויבן אַ דעבאַטע פאַר וואָכן לאַנג ווי אַזוי צו פאָרן אַהין און דער סוף איז געווען, אַז אין אַ שיינעם פינצטערן פרימאָרגן האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט זוכן דעם פעטער אין ברוקלין. איך בין געפאָרן טאָג נאָך טאָג. איך האָב געלייענט אין די ציימונגען אַז דער באַרימטער דר. קוק האָט אַנטדעקט דעם „נאָרט־פּאָל״, נאָר איך דעם פעטער פון ברוקלין האָב ניט געפונען.

שפּעטער, ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביים בויען הייזער, פלעגט מיר ווערן פינצטער און ביטער, ווען דער באַלעבאָס האָט מיך גע־

שיקט קיין ברוקלין. איך האָב שוין געוואוסט, אַז אויף יעדן נייעם דזשאָב וועל איך דאַרפן פּאַטערן אַ טאָג און כאַטש אַ האַלבן דאָלער קאַר־פעיר ביז איך וועל אים געפינען.

איינמאָל האָט דער באַלעבאָס מיר געגעבן אַן אַדרעס, איך זאָל פאָרן אין 24620—43טע גאַס, ברוקלין, און זאָל דאָרט זיך שטעלן צו דער אַר־בעט. דערווייל אַרונטעררייסן צוויי טירן פון אַ גאַראַדזש און שפּעטער וועט ער מיר ברענגען צוויי נייע טירן איך זאָל זיי אויפהענגען. ווען איך האָב קוים מיט צרות געפונען דעם פּלאַץ און דער איד, דער אייגנטימער פון גאַראַדזש האָט דערהערט אַז איך גיי אויפהענגען נייע טירן, האָט ער זיך זייער דערפרייט און זיך געוואונדערט וואָס זיין לענדלאָרד, אַ באַרימ־טער פּאַסקודניאַק, האָט אַליין איינגעזען, אַז מ׳דאַרף נייע טירן. נאָר אַז איך האָב די אַלטע טירן אַרונטערגעריסן און געוואַרט און דער באַלעבאָס האָט די נייע טירן ניט געבראַכט, בין איך אַוועק אין שאַפּ מאַכן דעם באַ־לעבאָס אַ סקאַנדאַל. אָבער דעם סקאַנדאַל האָט גאָר דער באַלעבאָס מיר געמאַכט: „איך האָב דיר געבראַכט די טירן", — האָט ער געשריען, — אָבער דו ביזט דאָרט ניט געווען!" הכלל, מיר האָבן זיך גענומען קריגן און אויפפּלאָנטערן די געהיימניש. מיר האָבן אויסגעפונען, אַז ברוקלין האָט אַ מאָסע גאַסן מיטן זעלבן ציפער 43 ! . . .

איך בין באַלד צוריקגעפאָרן און בגנבה צוגענומען מיין געצייג, און פאַר די אַלע יאָרן וואָס איך בין אין ניו־יאָרק, בין איך נאָך יענעם געגנט ניט דורכגעגאַנגען, ווייל איך בין זיכער, אַז דער גאַראַדזש שטייט נאָך ביז היינטיקן טאָג אָן טירן.

מיינט איר דאָך אַוודאי, אַז ברוקלין האָט זיך דורך דער צייט פאַר־בעסערט ? זאָג איך אייך, אַז זי איז נאָך ערגער געוואָרן. היינט זיינען נאָך דאָרט צוגעקומען נייע קאַר־ליניעס, באַסעס, סאַבוועיס, „אַי. אַר. טי.", „טי. בי.", „אינדעפּענדענט", מיט נייע בריקן, מיט דער רוח ווייסט זיי דאָרט וואָס ! איר מיינט, אַז מ׳האָט דאָס אַלץ באַדאַרפט ? דאָס האָט מען אַלץ געמאַכט כדי נאָך מער צו פאַרפּלאָנטערן דעם עולם דעם קאָפּ און אויסנאַרן ביי אים אומזיסטע ניקלס !

דעריבער ווען איך האָב איצט געהערט, אַז מ׳האָט געפייערט דעם דריי־הונדערט־יאָריקן יובילֵיי פון ברוקלין, ומ׳האָט געשריבן אין די צייַ־טונגען, געהאַלטן רעדעס אויף דער ראַדיאָ, מ׳האָט מאַרשירט מיט מוזיק, האָט עס מיך געברענט און געבראָטן ! אַזאַ סקאַנדאַל ! זיי רייצן זיך נאָך מיט מיר, די ברוקלינער באַנדיטן ! ס׳איז זיי נאָך ווינציק וואָס זיי האָבן ביי מיר צוגענומען גאַנצע אוצרות מיט ניקלס, ווילן זיי נאָך איך זאָל זיך משמח זיין אויף דער שמחה לכבוד דעם פינצטערן ברוקלין ! . . .

# זיך געראַטעוועט פון לינטשינג

איך בין געשטאַנען אויף טאַימס סקווער און אַריינגעקוקט אין אַ שוי־פענצטער פון מענער־העמדער. פלוצים איז צוגעפאָרן צום הויז אַ פּאָליס־אויטאָמאָביל און צווי פּאָליסלייט זיינען אַרויס פון דער קאַר און באַלד אײַנגעשלונגען געוואָרן אין דער געביידע לעבן וועלכער איך בין געשטאַנען.

דערזען ווי צווי פּאָליסלייט זיינען מיט אימפּעט אריינגעשפּרונגען אין דער הויז, האָבן נייגעריקע מענטשן זיך באַלד אָפּגעשטעלט. עפּעס — האָבן זיי געטראַכט — האָט דאָ פּאַסירט.

קומט צו מיר צו אַ מאַן און אין אַ נערוועזן טאָן פרעגט ער מיר:

— מיסטער, וואָס האָט דאָ געטראָפן?

זאָג איך אים דעם ריינעם אמת, אַז איך ווייס ניט.

— וואָס הייסט, — זאָגט ער, — איר ווייסט ניט? איר זייט דאָך דאָ געשטאַנען און געזען ווי די פּאָליסלייט זיינען אַריין!

— איך בין, — זאָג איך, — טאַקע געשטאַנען און געזען ווי די פּאָ־ליסלייט זיינען אַריין. אָבער, צוליב וואָס זיי זיינען אַריין ווייס איך ניט.

— און אַז איר ווייסט יאָ, — זאָגט ער, — דאַרפט איר מורא האָבן צו זאָגן? וואָס־זשע, איך בין, חלילה, אַ דעטעקטיוו?

— פאַרוואָס, — זאָג איך, — זאָלט איר דענקען, אַז איך ווייס און וויל אייך ניט זאָגן? איך זאָג אייך דעם ריינעם אמת, אַז איך ווייס ניט!

ווערט ער ׳נאָך מער נערוועז און נעמט זיך שוין כמעט בייזערן אויף מיר און זאָגט:

— איר זייט אַ טשודנער איד! ערשט איצט זע איך, אַז איר באַ־האַלט עפּעס פון מיר! אַ מענטש זאָל אַזוי ניט האָבן קיין צוטרוי צו מענ־טשען! נאָך אַלעמען, האָב איך דאָך אַליין געזען ווי איר זייט געשטאַנען לעבן הויז און געוואַרט אַז די פּאָליסלייט זאָלן אַריינגיין. איר וועט דאָך מיר ניט איינריידן, אַז איר זייט גלאַט אַזוי געשטאַנען. ווער האָט עס היינטיקע צייטן צייט צו שטיין גלאַט אַזוי? אין די שעפער פאַרדינט מען היינט צוויי־דריי דאָלער אַ שעה, וועט אַ נאָרמאַלער מענטש זיך אַוועק־שטעלן וואַרטן ביז צווי פּאָליסלייט וועלן אַריינגיין אין אַ הויז?

— דער מאַן האָט טאַקע רעכט, — מישט זיך אַריין אַ צווייטער מאַן, — וואָס האָט איר מורא צו דערציילן?

— וואָס, — מישט זיך אַריין אַ דריטער מאַן, — וואָס האָט איר צום מאַן? אַז ער וויל ניט דערציילן, מסתמא האָט ער אַן אורזאַך עס צו באַהאַלטן.

— אַט דאָס שריי איך דאַך, שרייט דער ערשטער, — אַז ער באַהאַלט עפּעס! אָבער פאַרוואָס זאָל ער באַהאַלטן? וואָס דאַרף ער מורא האָבן? מיר זיינען דאַך אייגענע מענטשן!

דער עולם איז געוואָרן גרעסער און גרעסער, אַזוי אַז מ'האָט שוין ניט געקענט דורכגיין דעם טראָטואַר. אַ גרויסער, פעטער מאַן, מיט אַ פעטן ציגאַר אין מויל — אַ מאַן וואָס האָט פיינט אַז מ'באַהאַלט סודות, האָט זיך צוגערוקט צו מיר און אין אַ פעסטן, באַפוילנדיקן טאָן זיך געווענדט דירעקט צו מיר און געזאָגט:

— מיסטער, וואָס מאַטערט איר די מענטשן? פאַרוואָס זוכט איר זיך טראָבל און זאָגט ניט וואָס דאָ האָט פּאַסירט? בעסער דערציילט דעם אמת, ווייל מיט מענטשלעכער געדולד טאָר מען זיך ניט שפּילן!

— אָט אַזוי! — האָבן עטלעכע מענטשן מיטאַמאָל געשריען, — אָט אַזוי דאַרף מען מיט אַזאַ פאַרשויןריידן! מיט גוטן וועט מען ביי אים גאָרניט אויסגעפינען.

— קאָם־אָן! — האָט מען גענומען שרייען פון אַלע זייטן — קאָם־אָן! לאָמיר שוין הערן וואָס עס איז געשען!

איך האָב געזען, אַז דער עולם איז בלוט־דורשטיק און אויב איך וועל אים עפּעס ניט דערציילן וועט מען מיך לינטשן. האָב איך אין אַ שטילן, שולדיקן טאָן געזאָגט:

— אַ מאָרד איז געשען. אַ פרוי האָט דערשאָסן איר אייגענעם מאַן, ווייל זי האָט אים געטראָפן אין אַן אינטימער פּאָזע מיט זיין סעקרעטאַרשע.

— בראַוואָ! — האָט זיך דערהערט דער קול פון אַ יונגער פרוי, — בראַוואָ! אָט אַזוי דאַרף מען האַנדלען מיט אַזאַ פּאַסקודניאַק! אַזוי ווי די הינט דאַרף מען זיי שיסן!

— אַ נייע מאָדע געוואָרן, — שרייט דער מאַן, — נאָר מ'שיסט! טאָמער האָט ער געגעבן אַ קוק אויף זיין סעקרעטאַרשע, דאַרף מען אים באַלד שיסן?

צווישן עולם האָט אויסגעבראָכן אַ הייסע דעבאַטע. די פרויען האָבן געשריען: יאָ שיסן, און די מענער האָבן גע'טענה'ט, אַז מ'טאָר ניט שיסן. ביסלעכווייז האָט זיך דער עולם פאַרגרעסערט און זיך געביטן און מ'האָט פאַרגעסן אַן מיר, און איך האָב זיך פּאַוואָליע אַרויסגעגליטשט, זיך אַוועק־

געשטעלט אין אַ זייט און געווען צופרידן וואָס איך האָב זיך געראַטעוועט.

אַז די פּאָליסלייט זיינען אַרויסגעקומען און דערזען אַזאַ מאָב, האָבן זיי גענומען פּאַכען מיט די קלאָבס, צעטרייבן דעם עולם. און אַז דער עולם האָט אויסגעפונען אַז ס'איז גאָרניט געשען, אַז דאָס זיינען די פּאָליסלייט בלויז אַריינגעגאַנגען פּאַרקויפן טיקעטס צו זייערער אַ בעיסבאָל גיים, האָט מען פון אַלע זייטן גענומען שרייען:

— פּעיקער! בלאָפער! שווינדלער! וואו איז ער? מ'דאַרף אַזאַ איינעם לינטשן!

און אויב מ'האָט מיך ניט געלינטשט, איז עס געווען דערפאַר, ווייל איך אַליין האָב אויך געשריען: פּעיקער! בלאָפער! שווינדלער! און קיינער פון עולם האָט מיך ניט דערקענט . .

# אַ פֿויגלדיקער פֿרילינג

מיר האָבן אַ גאַסט אין שטאָט: אינדרויסן האָט זיך געיאָוועט דער פֿרילינג. אַלע יאָר אין דער צייט באַווייזט ער זיך. ער קומט פֿון ערגעץ צופֿאָרן אַ פֿרישער, אַ שמעקעדיקער, אַן אויסגעוואַשענער און געווינט באַלד דעם צוטרויען פֿונעם עולם. דאָרט וואו מ'האָט דעם ווינטער ניט צוגעלאָזן, פֿאַרדעקט הענט און פֿיס אויס מורא, אַז ער זאָל ניט אָפּפֿרירן, אָנמאַכן אַ חורבן, דאָרט לאָדט מען דעם פֿרילינג איין און מ'זאָגט: נאָ, ווייז, אַז דו ביזט ניט אַזאַ אַכזר ווי דער ווינטער!

און דער פֿרילינג גייט אַרום און גלעט, שפּילט זיך מיטן גאַנצן אַרום ווי מיט קינדער. ווערט מיט אַלעמען אַ מחותן. צעשפּרייט אַלע זיינע מילדע ווינטלעך צווישן די מענטשן. און די ווינטלעך גנב'ענען זיך אַריין אין אַלע געהיימע ווינקעלעך פֿונעם מענטשלעכן קערפּער און אויך פֿון דער נשמה. גלעטן דאָרט און היילן וואונדן, פֿרעסן אויס קנייטשן און פֿאַרשפּרייטן מחיה'דיקע דופֿטן.

די זון האָט אָנגעהויבן מאַכן רעפּעטיציע פֿאַרן זומער. זי קומט אַרויס פֿאַר אַ שעה, גיט אַ ברי און גייט צוריק אַהיים, זיך צולייגן אַביסל. זי וויל זיך ניט איבעראַרבעטן. זי דאַרף האָבן כוחות פֿאַרן זומער, ווען ס'וועט זיך אָנהייבן איר „סיזן"!...

דער פּאַרק איז אָנגעפּילט מיט אידן און אידענעס, מיט יונגע ווייבלעך מיט קינדער־וועגעלעך, שוואַכע, עלנטע מענטשן, היימלאָזע הינט, קעץ און אויך היימלאָזע מענטשן.

די ביימער און בלומענבייטן, אויף וועלכע ס'הויבן זיך אָן צו ווייזן גרינע און ווייסע שפּראָצונגען, שאָקלען זיך און קרעכצן און רעדן צווישן זיך:

— אַי, אַ פֿאַרקערטע וועלט! אַ גאַנצן ווינטער, ווען דער פֿראָסט האָט געבערענט, זיינען מיר געשטאַנען נאַקעטע, במחילה, אָן אונטערוועש, און איצט, ווען די זון נעמט וואַרעמען, טוט מען אונז אָן וואַרעמע בלעטער־קליידער!

גאַנצע מחנות פֿייגל, צוריקגעקומענע פֿון די וויטע, וואַרעמע לענדער, גיבן אָפּ אַ גרוס, אויף זייער סווישטשענדיקן לשון, דערציילן, ווי זיי האָבן זיך אַ גאַנצן ווינטער געבאָדן אין זונענשטראַלן, זיך געטונקען אין ים, זיך געקילט זייערע אויסגעוואַרעמטעביינער אונטער די מילדע ווינטלעך, געגעסן די צייטיקסטע, טראָפּישע פֿרוכטן און ס'איז זיי געווען גוט

## הירש רייף

וי די וועלט! . . .

איצט שפּרינגען זיי אַרום פון בוים־צו־בוים, זינגען די נייע לידער, וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אין די וואַרעמע עלנדער, זייער געזאַנג, גיסט זיך אַריין אין די מענטשלעכע הערצער ווי זיס־שטאַרקער וויין וואָס צעשפּרייט זיך איבערן גאַנצן קערפּער, ווי פרישע לעבנס־שטראָמען און אויס דאַנקבאַרקייט וואַרפן די אידן גאַנצע זשמעניעס קערעלעך, ברעקעלעך ברויט און קאַשע און די פייגעלעך פּיקען און זינגען דאַנקבאַרע לידער! . . .

די מער־גלויביקע אידן און אידענעס, וואָס האָבן צוטרויען צו דער וועלט און צום פרילינג, מאַכן אויך רעפּעטיציעס מיט דער זון. זיי קנעפּלען זיך אויף די מאַנטלען, נעמען אַראָפּ די שאַליעקעס, לאָזן זיך אַ ברי טאָן פון דער זון, לאָזן אויפדעקן אַ פאַלע פונעם ווינטל: נאַ, זע, מיר האָבן זיך ניט מיט וואָס צו שעמען! פונדעסטוועגן, דעקן זיי באַלד צו. אַ איד טאָר זיך ניט צוכאַפּן אויף אַמאָל! . . .

אָבער די אידן סקעפּטיקער זיצן נאָך אַלץ איינגעהילט אין די ווינטער־מאַנטלען, אַרומגעוויקלט מיט די וואַרעמע שאַליעקעס, די ווייבער טראָגן אויף די קעפּ פאַטשיילעס און זיינען אונטער די מאַנטלען נאָך גוט אויסגעסוועטערט. ס׳איז טאַקע פרילינג, די זון שיינט טאַקע און די פייגל זיינען שוין דאָ און זינגען טאַקע, אָבער ווער קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן? די היינטיקע פרילינגס זיינען, להבדיל, ווי די היינטיקע מענטשן. אַמאָל אַ וואָרט איז געווען אַ וואָרט און אַ פרילינג איז געווען אַ פרילינג! אָבער היינט? ניטאָ וואָס צו רעדן! . . .

דער גאַנצער פּאַרק איז אַ היימישער. די מערסטע מענטשן קענען זיך און זיינען זיך מכבד מיט ציגאַרעטס, בייטן זיך מיט צייטונגען, די ווייבער גיבן אַכטונג, אַז די מענער זאָלן זיך צוקנעפּלען די מאַנטלען, כדי זיך ניט צוצוקילן, חלילה.

נאָר ער איינער אַליין זיצט אין פּאַרק ווי אַ פרעמדער. ער זיצט מיט איין נאַקעטער האַנט דעם אַרבל פאַרקאַטשעט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן צו לייגן תפילין. ער זיצט אויף דער זעלבער באַנק, וואָס איך און נעמט ניט אַרונטער קיין אויג פון מיר. ער וויל מיט מיר פאַרפירן אַ געשפּרעך, נאָר האָט ניט קיין מוט דערצו. נאָר זעענדיק, אַז איך לאַד אים איין מיט מיינע בליקן, רוקט ער זיך צו צו מיר און זאָגט:

— אַ נייער אומגליק גאָר, פּאָקן! ס׳פּאַסט זיך פאַר קליינע קינדער! נאָר איר ווייסט דאָך — אַ וועלט שרייט פּאָקן — זאָל זיין פּאָקן! וואָס זאָל מען טאָן? גיין שטעלן זיך קעגן אַ וועלט!

— איר הערט, — זאָגט ער ווייטער, — די וועלט מיינט דאָך, אַז דער מענטש איז דאָס אויבערשטע פונעם אונטערשטן, נאָר איך זאָג אייך, ווען מ׳וואָלט מיר געגעבן די ברירה וואָלט איך בעסער אויסגעקליבן געבאָרן צו ווערן אַ פויגל איידער אַ וויסטער מענטש!

— ווייזט מיר, — זאָגט ער, — אַ מענטש וואָס זאָל זיין אַזוי פריי און פריילעך ווי אַ פויגל? קומט דער ווינטער, הייבט ער זיך אויף, גיט אַ פאָך מיט די פליגל און ער איז שוין אין די וואַרעמע לענדער! ניט ער דאַרף מאַכן רעזערוואַציעס אויף דער באַן, ניט אין האָטעל, ניט ס׳אַרט אים דער יקרות, ניט ער דאַרף קליידער, ניט ציגאַרעטס. ווען ס׳קומט די צייט גיט ער אַ סווישטש: „גוד־באַי", אַ שוועב אַרויף צו די וואָלקנס און ער וואַרעמט זיך שוין אונטער דער זון און פייפט אויף אַלע שמאַכטעס!...

— איצט, — זאָגט ער, — זיינען זיי דאָ צוריק, די פייגל, געזונטע, פריילעכע, דאַרפן ניט זוכן קיין צימער, דאַרפן ניט רופן זייערע פייגלדיקע פריינט אויפן טעלעפאָן, דאַרפן ניט לייענען קיין צייטונגען מיט די שווידערלעכע נייעסן, דאַרפן ניט לויפן זוכן קיין אַרבעט און זיך שטופן אין די סאַבווייס, דאַרפן ניט האָוען, כדי צו מאַכן פרישע געלט צו קענען איבער אַ יאָר ווידער פאָרן אין די וואַרעמע לענדער און איבערהויפּט, דאַרפן זיך ניט שטעלן קיין — פּאָקן!...*)

— אַי, ווי גוט ס׳איז צו זיין אַ פויגל!...

---

*) אין פרילינג פון 1947 האָט זיך ניו־יאָרק געשראָקן פאַר אַ פּאָקן־עפּידעמיע, און די געזונטהייט׳ס־ביוראָ האָט געראָטן אַלע ניו־יאָרקער איינוואוינער זיך צו שטעלן פּאָקן.

# איך דעקלאַמיר „דאָקטאָר גראַן" צו מיין ערשטן סדר אין אַמעריקע

(אַזאַ דעראינערונג, ווי איז מיר . . .)

געקומען בין איך קיין אַמעריקע עטלעכע וואָכן נאָך פּסח. צווישן מיר און אַמעריקע איז געווען, קען מען זאָגן, אַ ליבע אויפן ערשטן בליק. אַלעס איז מיר דאָ געפעלן, אַ חוץ טאָמייטאָס, וואָס האָבן געהאַט אַ טעם ווי עפּעס אַ מין סם, וואָס קען פאַר'סמ'ען דאָס לעבן, אָבער שטאַרבן דער־פון קען מען ניט . . .

און געפעלן איז מיר דאָ יעדע קלייניקייט. אָנגעהויבן פונעם קאַלטן, שפּרודלדיקן סאָדע־וואַסער, וואָס מ'האָט געקראָגן פאַר אַ פּעני ביים סטענד און וואָס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרצן, סיי מיט דער קאַלטקייט און סיי מיט דער שאַרפקייט, ביז צו אַ הייסן קאָרנביף־סענדוויטש מיט מאַסטאַרד, וואָס דאָס האָט ערשט אָנגעמאַכט אַפּעטיט צום טרינקען סאָדע־וואַסער . . .

אָבער דאָס גאַנצע עסן און טרינקען, ווי באַגייסטערט איך בין ניט געווען דערפון, איז בלויז געווען אַ קלייניקייט אין פאַרגלייך מיט דער פרייהייט, וואָס האָט זיך דאָ ממש געוואַלגערט אין די גאַסן, אַזוי אַז כאַטש נעם און באָד זיך אין פרייהייט . . .

עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ מין ברייטע פרייהייט!

מ'קען גיין און פאָרן וואו מ'וויל און קיינער פרעגט ניט אויף קיין פּאַספּאָרט. מ'זעט ניט איבעראַל די באַאַמטע מיט די מעשענע קנעפּ, פאַר וועלכע מ'דאַרף שטיין מיטן היטל אין האַנט; מ'דאַרף זיך ניט פאַר־שרייבן אין פּאָליציי, ווען מ'ציט זיך אַרויס, אָדער אַריין אין אַן אַנדער דירה. מ'דאַרף ניט קלינגען ביינאַכט דעם גלאָק, אַז דער „סטרוזש" זאָל אויפשליסן די טיר, ווי דאָרט אין „יוראָפּ" אַפילו ווען מ'גייט אַריין אין אַן אַפּטייק, אָדער צו אַ דאָקטאָר מוז מען ניט אַפּהייבן ס'היטל, סיידן ס'איז הייס און מ'וויל עס אַליין טאָן . . . עס גייען ניט אַרום קיין זעלנער אין די גאַסן מיט שווערדן און ביקסן און וואַרפן ניט אַן אַ פּחד אויף מענטשן. אַפילו די פּאָליציי־לייט זייענען אויך דאָ עפּעס אַנדערע. טראָגן ניט קיין שווערדן, נאָר שפּילן זיך אַרום מיט אַ וואַלגער־האָלץ און די אײַנגלעך זיי־נען מיט זיי פּאַני־בראַט. הכלל — ס'איז גוט! . . .

נו, און דאָס וואָס אַ אינגל ווי איך בין געווען, קען אַרבעטן ביי וואָס ער וויל און ביי וועמען ער וויל און דאַרף זיך ניט פאַרשרייבן אין דער צעך ? דאַרף זיך ניט אָנדינגען אויף עטלעכע יאָר ביי אַ מייסטער, דאַרף ניט קריגן קיין לערן־בריוו, אַז ער איז שוין אַ געזעלן, נאָר קען אַרבעטן ביי וועמען און ביי וואָס ער וויל, קען בייטן אַלע טאָג די מלאכה, קען פּעד־לען מיט וואָס ער וויל . . . איך זאָג אייך — איך בין אַרומגעגאַנגען און ממש געשלונגען די אַמעריקאַנער פרייהייט און בין פאַר נחת געוואָרן לענ־גער ווי ברייטער!

אָבער אָט־די אַלע פרייהייטן האָבן געהאַט אַלע אידן אין אַמעריקע איך האָב אָבער נאָך געהאַט אַ ספּעציעלע פרייהייט. איך בין געווען פריי פון משפחה, פון עלטערן. איך בין געקומען קיין אַמעריקע איינער אַליין, כאָטש איך האָב דאָ געהאַט קאַזינס און קוזינעס און לאַנדסלייט, וועלכע האָבן אויף מיר געהאַלטן אַן אויג, אַז איך זאָל דאָ, חלילה, ניט אַראָפּ פון־נעם דרך־הישר, ווייל די מאַמע האָט זיי געשריבן אַ בריוו, אַז זיי זאָלן געדענקען וועד מיין טאַטע איז געווען און מיך ניט לאָזן פאַרגעסן אין גאָט. אָך האָב איך זיך געפילט פריי ווי דער ווינט און האָב געטאָן וואָס מיר האָט זיך געגלוסט.

ווען דער ערשטער זומער איז אַוועק און ס'האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ קאַלטער האַרבסט־ווינט, האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן־ראָגן פּלאַטפאָר־מעס מיט רעדנער, מיט דער רויטער פאָן, און מ'האָט אָנגעהויבן צו ריידן צו די אידן, אַז זיי זאָלן שטימען פאַר די סאָציאַליסטן. ס'איז פּשוט גע־ווען אַ מחיה צו הערן ווי מ'האָט גערעדט אויפן פּרעזידענט, אויפן גאָ־ווערנאָר, אויפן מעיאָר און אויף די קאָנגרעסלייט, מ'האָט זיי גערופן בוד־לערס, פאַרפירער, פיאַווקעס און נאָך אַזעלכע נעמען און מ'האָט זיי גע־הייסן אַרויסוואַרפן פון סיטי־האָל, און אַריינזעצן דאָרט אונזערע לאַנדס־לייט. און די פּאָליציי איז געשטאַנען, זיך איינגעהערט און געדרייט מיטן וואַלגער־האָלץ און — גאָרניט! . . .

ביי אָט־די גאַסנפאַרזאַמלונגען זיינען אַרומגעגאַנגען אינגלעך און מיידלעך און פאַרקויפט, פאַר עטלעכע פּעניס, ביכלעך, וואָס דאָרט זיינען געשטאַנען פאַרענטפערט אַלע פראַגן, וואָס האָבן מיך און נאָך אַזעלכע אינגלעך געמאַטערט. מ'האָט אויך פאַרטיילט אומזיסט צייטונגען און זשורנאַלן, און דאָרט האָט מען געלאָזט וויסן וואו עס וועלן פאָרקומען לעקציעס, מ'וועט דאָרט אויך קענען שטעלן פראַגן און מ'וועט דיסקוטירן.

און אַז ס'האָט זיך אָנגערוקט דער ווינטער און אין גאַס האָט מען מער ניט געקענט ריידן, האָב איך אָנגעהויבן צו גיין צו די לעקציעס. די

רעדנער האָבן אין מיר אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט. זיי האָבן מיר באַוויזן מיט „פאַקטן", אַז ס'איז אינגאַנצן ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט און ס'איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן פאַר אים! אַ סך מאָל האָב איך געפילט ווי צוצוגיין צום רעדנער, אים אַרומנעמען און אים אויסקושן יעדן אבר!

ספּעציעל בין איך געווען פאַרליבט אין צוויי רעדנער. איינער איז געווען פייגענבוים, און דער צווייטער, ראָזענצווייג. פייגענבוים האָט באַוויזן, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט, פון די ביכער, פון די ספרים, מיטן שכל, אָבער ראָזענצווייג האָט זיך שוין ניט געוואָלט פאַרלאָזן אויף די ביכער מיטן שכל, נאָר האָט באַוויזן, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט דורך — פיזיקע, דורך עקספּערימענטן. דורך אַזעלכע מאַשינקעס וואָס האָבן געפּאָמפּעט לופט און האָבן באַוויזן בפירוש אַז ס'איז קיין גאָט ניטאָ! . . .

אַז ס'איז אַוועק דערווינטער און ס'האָט זיך אָנגערוקט דער פּורים, בין איך שוין דאַן געווען אַ פאַלבער פריידענקער און האָב שוין געקוקט אויף די רבנים און שמשים און די אַנדערע כלי־קודש ווי אויף פּאַרפּי־רער, פּיאַווקעס, וועלכע זויגן אויס דעם מאַרך פון די ביינער פון די ברייטע מאַסן און האַלטן זיי אין פינצטערניש און שקלאַפעריי . . .

אַ חוץ די לעקציעס בין איך דאַן אויך געגאַנגען צו קאָנצערטן. דאָרט האָט מען געטרייבערט גאָט אויף אַן אַנדער אופן: ביי די לעקציעס האָט מען גערעדט, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט, אָבער ביי די קאָנצערטן האָט מען דעקלאַמירט, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט. מ'האָט דעקלאַמירט: „אַ וויכוח מיטן רבונו־של־עולם", „דאָס קיעלע", „קער, בעזימל, קער" און אַ סך אַנדערע הימל־שרייענדיקע דעקלאַמאַציעס, פון וועלכע גאָט האָט געהאָט צו זינגען און צו זאָגן! . . . נאָר דעם שטאַרקסטן איינדרוק פון אַלע דעק־לאַמאַציעס האָט אויף מיר געמאַכט די דעקלאַמאַציע פון „דאָקטאָר גראַן". אין יענער דעקלאַמאַציע קומט אַן אָרימער, סטרייקנדיקער אַפּרייטאָר צו דאָקטאָר גראַן, אַז ער זאָל אים ראַטעווען און העלפן אים פּטור ווערן פו־נעם צוקונפטיקן קינד, מיט וועלכן זיין ווייב האָט פאַרשוואַנגערט, ווייל צוליב דער קאַפּיטאַליסטישער בעסטיע, קען ער אַפילו ניט דערנערן זיינע צוויי קינדער וואָס ער האָט שוין. און כאָטש די דעקלאַמאַציע איז ניט געווען געווענדט דירעקט צו גאָט, נאָר צו דער קאַפּיטאַליסטישער בעס־טיע. פונדעסטוועגן האָט מען זיך אָנגעשטויסן, אַז גאָט האָט אויך אַ חלק אין דעם . . .

„דאָקטאָר גראַן" האָט מיך פשוט פאַרכאַפּט! איך האָב זיך די דעקלאַמאַציע אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק און ביי אַ קאָנצערט, ווען דער דעקלאַמאַטאָר האָט גענומען דעקלאַמירן דעם „דאָקטאָר גראַן" האָב איך אים אונטערגעזאָגט די ווערטער אַפריער, ווי אַ סופליאָר, אַזוי אַז דער

## לחיים אידן

עולם פלעגט צו מיר שרייען:

— שאַראַפּ! ווילדע חיה!

איך האָב אויך ליב געהאַט צו דעקלאַמירן דעם „דאָקטאָר גראַן" ביי דער אַרבעט. דעקלאַמירנדיק בין איך געוואָרן בייז, ווילד און די אַר־בעט האָט ביי מיר ממש געבערענט אונטער די הענט. אַז דער באַלעבאָס איז אַריינגעקומען און געזען, אַז די אַרבעט שלעפּט זיך ביי מיר (ער איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן), האָט ער מיך באַלד געגעבן אַ צי־אָן און גע־זאָגט:

— אַנו, הערי, לאָמיר נאָר הערן ווי עס גייט דאָרט ביי דיר דער „דאָקטאָר גראַן".

מער האָב איך ניט באַדאַרפט! איך האָב אָנגעהויבן דעקלאַמירן מיט פייער און האָב שוין יענעם טאָג אַריינגעשאָסן אַ היפּשן טאָג אַרבעט! עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז איך האָב שוין דערפילט, אַז איך קען שוין בעסער דעקלאַמירן דעם „דאָקטאָר גראַן" ווי די רעגעלע דעקלאַמאַטאָרס. די פראַגע איז נאָר געווען: ווי אַזוי קריגט מען אַן עולם וואָס זאָל מיך וועלן אויסהערן?

אַז ס'איז געקומען אַ וואָך פאַר פּסח האָט מיין קוזינע ראָזע, אויך אַ גרינע, מיט אַ הויכן בוזעם, רויטע, פרישע באַקן און פאַרקעמט מיט אַ גרויסער, רונדער פּאָמפּאַדורע, מיך איינגעלאַדן צו גיין מיט איר פּסח צום ערשטן סדר צו איר פעטער אַביש. פון אָנהויב האָב איך זיך אויסגע־לאַכט: וואָס הייסט?! איך, אַן אינטערנאַציאָנאַלער פריידענקער, וועל זיך אָוועקזעצן מיט אַ באַנדע פינצטערלינגע און פראַווען נאַרישע שטיק?! מיין געוויסן וועט דאָך מיך פּלאָגן אַ גאַנץ יאָר!...

אָבער ראָזע איז געווען אַ שיין מיידל און אויסגיין מיט איר איז גע־ווען אַ גרויסע זכיה. און היינט דאָס אָפּפירן זי אַהיים און אפשר איר נאָך קאָנען געבן אַ קוש אינעם פינצטערן קאָרידאָר און דערנאָך זיך קענען באַרימען פאַר מיינע חברים דערמיט — דאָס קאָן מען אויך ניט אָוועק־מאַכן מיט דער האַנט... נו, און וואָס איז מכוח די קניידלעך, די כרעמז־לעך, וויין און די איבעריקע גוטע זאַכן, וואָס מ'גיט ביים סדר?

הכלל, וואָס טויג אייך מעשיות — איך בין אַרומגעגאַנגען און זיך ניט געקענט געבן קיין עצה, ביז ס'איז מיר איינגעפאַלן אַ גליקלעכער גע־דאַנק: איך וועל גיין צום סדר! איך וועל זיך מקריב זיין פאַר דער מענטשהייט! ניט נאָר וועט מיין געוויסן מיך ניט פּלאָגן, נאָר פאַרקערט: איך וועל נאָך אויפטאָן אַ סך פאַרן פּראָגרעס, פאַר פאָרטשריט...

מיין קוזינעס פעטער, אַביש, איז שוין דאָ געווען אַ סך יאָרן. אין די

איינגערע יאָרן איז ער דאָ געווען אַן אַפּרייטאָר ביי קלאָוקס און געשאַרט שטיקער גאָלד. נאָר פון צופיל אַרבעטן זיינען ביי אים קאַליע געוואָרן די אויגן און ער האָט געמוזט איינפּאַקן די אַרבעט. נאָר אַזוי ווי ער איז סיי־ווי־סיי אַלעמאָל געווען אַ פרומער און אַ שיינע שטימע צום זינגען און צום דאַווענען פאַרן עמוד האָט ער אויך געהאַט, און קיין „געשייוועטער" איז ער ניט געווען, ווייל ער האָט אַלעמאָל געהאַט אַ „טאַטש" אויף אַ בערדל און אַזוי ווי אין בראָנזוויל האָט ער סיי־ווי געוואוינט, איז ער געוואָרן אַ גאַנצער רב, אַ מסדר־קדושין, אַ חזן און אַ בדחן, בקיצור: אַן „אָל עראונד מען" . . .

הכלל, איך און ראָזע זיינען געגאַנגען צום סדר. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען איז שוין דאָרט געווען אַ פולע שטוב: שוועסטער, ברידער, זין און טעכטער, איידעמס מיט שניר און לאַנדסלייט. אַלע זיינען שוין געזעסן אויסגעזעצט ביים לאַנגן, גרויסן טיש איבער דעמאָלטדיקן גרויסן עס־צימער. דער פעטער אַביש, מיט אַ גרויסער, שוין האַלב־גראָער באָרד, מיט אַ ווייסן קיטל און ווייסער פירעקיקער יאַרמולקע, מיט אַ גאָלדענער טאַשמע אַרום, איז געזעסן אָנגעלענט אויף דער אויסגעבעטער קאַנאַפּע, ווי אַן אמת'ער מלך אויפן העסיבעט. דער טיש איז געווען גע־דעקט. אַ האַלבער טוץ זילבערנע לייכטער מיט גרויסע ליכט האָבן גע־ברענט. דער וויין מיט די כוסות זיינען געשטאַנען אויפן טיש. די גאַנ־צע אַטמאָספערע איז געווען אַן אמת־פסח'דיקע, אַז ס'האָט מיר שוין באַלד אָנגעהויבן באַנג צו טאָן וואָס איך בין אַ פריידענקער . . .

אָבער מיין שטימונג האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ווי נאָר מ'האָט מיך מיט ראָזען געהייסן אַוועקזעצן זיך, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך בין אַ קעמפּער פאַר פּראָגרעס. אין האַרצן האָב איך מיר געמאַכט מוט און באַ־שלאָסן ניט צו זיין קיין וואַקלדיקער קוואַטש, נאָר אַ העלדישער קעמפּער פאַר מיין אידעאַל!

דער סדר האָט זיך אָנגעהויבן. דער פעטער אַביש מיט זיין פיינער טענאָר־שטימע האָט אָנגעהויבן זאָגן די הגדה און אַלע פאַרזאַמלטע האָבן מיט גרויס באַגייסטערונג נאָכגעזאָגט. די שטימונג איז געווען אַ הייליקע, אַ מיסטישע. דער פעטער אַביש, מיט זיין ווייסן קיטל, ווייסער יאַרמול־קע מיט דער גאָלדענער טאַשמע אַרום האָט אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ צו זיך אַזוי, אַז אַפילו איך בין מיטגעריסן געוואָרן און פאַרגעסן ווער איך בין און האָב נאָכגעזאָגט די הגדה מיט התלהבות.

פון דער קיך, וואָס האָט זיך געפונען לעבן עס־צימער, האָב איך גע־זען ווי די מומע חיה'לע מיט די טעכטער שטעלן אויס גאַנצע שיסלען מיט

פיש, יויך מיט קניידלעך, טשיקן און פאַרשיידענע אַנדערע יום־טוב׳דיקע פּאַטראַוועס, וועלכע האָבן געשמעקט טעם גן־עדן און גערייצט מיין אַפּע־טיט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך זע ווי אונטער די קוליסן פון אַ אידישן טעאַטער ווערט צוגעגרייט אַ סדר פאַר אַ גוט־רעזשיסירטער פּיע־סע. מיין פאַנטאַזיע האָט מיר אָפּגעמאָלן אַ סצענע, ווי איך זיץ און שלינג אָט־די אַלע מאכלים מיט גרויס אַפּעטיט און ווי מיין קוזינע ראָזע, וועל־כע איז גרינדלעך באַקאַנט מיט מיין פינאַנציעלער לאַגע און באַציט זיך סימפּאַטיש צו מיין ריזיקן אַפּעטיט, רוקט מיר אַלעמאָל אונטער אַ טעלער עסן און שטורכעט מיך איך זאָל זיך ניט שעמען. און איך, כאָטש דווקא אַלעמאָל יאָ אַ שעמעוודיקער, לייג אַוועק מיין שעמעוודיקייט אין אַ זייט און רייב אויף ביידע באַקן און טריבק נאָך צו מיט ויין . . .

אָבער מיטאַמאָל האָט מיך מיין געוויסן אָנגעהויבן גריזשען, וואָס איך זיץ ביי איין טיש מיט אַ חברה פינצטערלינגע, מיט פאַנאַטיקער! אַז איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך, דער אינטערנאַציאָנאַלער פריידענקער, וועל באַלד דאַרפן אויסהערן ווי דער פעטער אַביש וועט זאָגן: „שפוך חמתך על הגוים" און איך וועל דאַרפן כאָטש נאָכמורמלען, איז מיר ניט געווען אַזוי גוט . . .

דער סדר האָט זיך אָנגעהויבן. אַלעס איז געגאַנגען אין אָרדענונג. ווען ס׳איז געקומען צו די פיר קשיות האָט דער פעטער אַביש אין אַ פּאַ־טערלעכן טאָן זיך אָפּגערופן:

— אַזוי ווי העריש איז דאָ דער אינגסטער און דאָס איז זיין ערש־טער סדר אין אַמעריקע, און אַזוי ווי מיר ווייסן ווער זיין זיידע איז און מיר געדענקען וואָס פאַר אַ טאַטן ע"ה ער האָט געהאַט, וועל איך אים מכבד זיין מיט פרעגן די פיר קשיות.

די אויגן פון אַלע פאַרזאַמלטע האָבן זיך באַלד אַ דריי געטאָן אין מיין זייט. איך האָב דערפילט, אַז איך בין דער צענטער פון אויפמערק־זאַמקייט ביים גאַנצן עולם. ס׳גאַנצע בלוט האָט מיר אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים אַריין. עס איז מיר געוואָרן הייס, אין די שלייפן האָט מיר אָנגע־הויבן קלאַפּן, דאָס האַרץ איז ביי מיר געגאַנגען האַסטיק אַרויף און אַראָפּ. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר מיין ערשטן פּובליקום אויף וועלכן איך האָב אַזוי אומגעדולדיק אַרויסגעקוקט און האָב געפילט אַז מיינע פיס בויגן זיך אונטער מיר.

אַז די פויזע האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע מינוט און איך בין נאָך אַלץ געזעסן ווי פאַרשטיינערט, האָט דער פעטער אַביש, אין אַ פאָטערלעכן טאָן צו מיר נאָכאַמאָל געזאָגט:

## הירש רייף

— נו, הערש, שעם זיך ניט. דאָס זיינען דאָך אַלע היימישע מענטשן און דו ביזט דאָך עפּעס אַ בן־תּורה.

אין איין סעקונדע האָב איך זיך דערמאָנט ווער איך בין. איך האָב זיך אויפגעשטעלט מיט פרישן מוט. מיין גאַנצער בינע־פיבער איז פאַרשוואונדן, און פול מיט פייער און זיכערקייט אין „מיין זאַך" האָב איך אָנגעהויבן:

— אידן, מענטשן, איך וואָלט אייך אַוודאי געוואָלט פרעגן די פיר קשיות, אָבער פאַרוואָס פרעגן די אַלטע, אָפּגעלעבטע קשיות, אויף וועלכע איר ווייסט שוין דעם ענטפער אין פאָראויס, אַז מיר האָבן היינט נייע און וויכטיקערע קשיות צו פרעגן?

דער גאַנצער עולם האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און איך האָב ניט פאַרלאָרן קיין איין סעקונדע און בין גלייך צוגעגאַנגען צום פּונקט, און אַן צערעמאָניעס אָנגעהויבן:

„אין אַ קאַלטער, פינצטערער ווינטער־נאַכט,
איז אין אָפּיס פון דאָקטאָר גראַן
אַריינגעקומען, בלאַס און פאַרשמאַכט,
אַן אָרימער יונגערמאַן".

איך האָב אויפגעעפנט אַ ריזיקע געמבע, האָב אָנגעהויבן שרייען אויף די העכסטע טענער, האָב זיך דערמאָנט, אַז אַ חוץ די אַלע ווערטער וואָס די רעגעלע דעקלאַמאַטאָרס האָבן דעקלאַמירט, האָב איך נאָך אויסגעטראַכט אייגענע ווערטער, וועלכע זיינען געווען נאָך שוידערלעכער ווי יענע, ווייל מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער בעסטיע איז נאָך אַלץ צו ווייניק. איך האָב אָנגענומען אַ דראַמאַטישן טאָן און בין אַריין אין דער ראָלע פון אַן אמת׳ן דעקלאַמאַטאָר! . . .

דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן האָב איך אויסגעפונען, אַז איך האָב הענט און ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיי. האָב איך איין האַנט אַרויפגעלייגט אויף דער ברוסט און מיט דער צווייטער האָב איך אַזוי לאַנג געקלאַפּט אין טיש, אַז די לייכטער מיט די גלעזער האָבן אָנגעהויבן צו בראַזגען! מיין שטים האָט אָנגעהויבן שטייגן אַלץ העכער און העכער. איך האָב זיך געווישט מיט מיין טיכעלע דעם שוויס פונעם פּנים און אין דער זעלבער צייט האָב איך געשווידערט פון קעלט! . . .

דער גאַנצער עולם איז געזעסן ווי פאַרגליווערט. זיי האָבן ניט געכאַפּט וואָס דאָ טוט זיך. קיינער האָט ניט געוואַגט מיך איבערצושלאָגן און איך האָב געשריגן אַלץ העכער און העכער. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב מיט מיין שרייען אָנגעמאַכט אַ ווינט אין הויז. מיר האָט זיך

געדוכט, אַז די פֿאַרהאַנגען האָבן זיך צעבלאָזן, אַז די ליכט האָבן זיך אָנ־געהויבן צו לעשן. איך האָב געקענט שווערן, אַז איך זע ווי די מצות קרישלען זיך, ווי דער ווײַן הויבט אָן צו שוימען אין די פֿלעשער און ווי דער גאַנצער עולם שוידערט און ס'שטעלן זיך אים די האָר קאַפּויר! . . .

איך פֿיל, אַז איר זענט נײַגעריק צו וויסן וואָס דער סוף איז געווען. לײַדער קען איך אײַער נײַגעריקייט ניט צופֿרידנשטעלן. איך געדענק נאָר איין זאַך: אַז אײַנער פֿונעם פֿעטער אַביש'עס אײדעמס, אַ הויכער, גע־זונטער יונגאַטש, האָט זיך אויפֿגעשטעלט, ארויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויף מײַן אַקסל און — — ווען איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן, בין איך גע־לעגן אויפֿן נאַסן טראָטואַר (אין דרויסן האָט גערעגנט), און מײַן אָרימע קוזינע ראָזע האָט מיר געווישט ס'פּנים מיט איר טיכעלע, מיך אַרײַנגע־נומען אין קאָרידאָר. שטיל, אָן ווערטער, האָט זי מיר אָפּגעווישט די בלאָטע פֿונעם פֿאַרשמירטן אנצוג און מיך אַביסל צורעכט געמאַכט, אַז מיר זאָלן קענען ווי־ס'איז, צעקנייטשטע, פֿאַרשעמטע און אויסגעהונגער־טע, זיך אַהיימשלעפּן! . . .

ווי אַזוי איך בין אַרונטער פֿונעם דריטן גאָרן ביזן טראָטואַר, צי מיט די טרעפּ, דורך דער טיר אָדער דורך עפּעס אַ קירצערן וועג — דאָס איז ביי מיר אַ געהיימעניש ביז אויפֿן היינטיקן טאָג, ווײַל מײַן קוזינע ראָזע האָט מיט מיר וועגן דעם קיינמאָל מער ניט געוואָלט ריידן! . . .

# אַ „סאַב-קאָנטראַקטינג" סדר

אָריגינעל איז די חברה „בית יעקב אַנשי פּידוואָריע", געגרינדעט געוואָרן פון היימישע אידן מיט איבער פופציק יאָר צוריק. אָבער אין לויף פון יאָרן האָט די סאָסייעטי אַ סך מאָל געביטן איר פּנים, אַזוי אַז ווען יונגוואַרג האָט איבערגענומען די פירערשאַפט האָבן זיי איר שיעור ניט פאַרוואַנדלט אין אַ ראַדיקאַלער, כמעט־אַטעאיסטישער סאָסייעטי. אָבער די לעצטע יאָרן איז דאָס יונגוואַרג, צוליב אידישע צרות, צוריק פרום געוואָרן און אָנגעהויבן דאַווענען און אָפּהיטן אידישע יום־טובים און דעריבער האָט די סאָסייעטי די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן צו אַראַנזשירן אַ סדר און איבער דעם האָבן זיך אָנגעהויבן צרות.

די אינגערע, וואָס פירן איצט די גרעגנדע, האָבן ביי די סדרים אויך געוואָלט זיין די טאָן־געבערס און די סדרים־פּראָוועדס, האָבן זיי טאַקע שטודירט די הגדה, געמאַכט „ריהוירסלס", אָבער אַז ס'איז געקומען צום פּסוק, האָבן זיי צעדרייט די יוצרות, געמאַכט קאָמישע „בולבעס" אַזוי, אַז ס'איז אַרויסגעקומען אַן אמת'ער בורלעסק און די עלטערע האָבן גע־שריגן, אַז ס'איז אַ חילול־השם און ניט געוואָלט קומען צום סדר. און ווי־דער אַן די אידן מיט די בערד האָט געפעלט די רעליגיעזע שטימונג, ס'האָט אויסגעזען צו וואָכעדיק . . .

האָט אַ מעמבער געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מ'זאָל דינגען אַ מאָדער־נעם ראַבאַי, ער זאָל פּראָווען דעם סדר. בישקשה, די „בית יעקב" קען באַשטיין, אַז ס'זאָל קאָסטן געלט און דער סדר זאָל האָבן אַ פּנים! האָט מען געדונגען אַ ראַבאַי און דער סדר איז געווען אַ ריזיקער „סוקסעס"!...

דער יונגער ראַבאַי, אַ שיינער, הויכער, שוואַרצער בחור, מיט אַ פּאָר האַרטע מוסקולן, אַ גוטער בעיסבאָל־שפּילער, מיט אַ סך „סעקס־אַפּיל", האָט געפּראָוועט דעם סדר מיט אַ סך שיק. ווי אַן אמת'ער שוישפּילער אַרויסגעצאַפּט ביים עולם אַ טרער, וואו מ'האָט באַדאַרפט, אַריינגעטאָן אַביסל זאַלץ און פעפער, וואו ס'האָט זיך געלאָזן און ווען ס'איז געקומען צום „דם צפרדע", האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר חנ'עוודיקע אידישע קללות אויף פרעה'ס חשבון, אַזוי אַז ווען מ'איז פאַרטיק געוואָרן מיטן סדר איז דער עולם אַוועק אַ צופרידענער, ווי ער וואָלט געווען אַ צושויער ביי אַ שוידערלעכער מעלאָדראַמע, אָדער ביי אַ מוזיקאַלישער קאָמעדיע!...

און אַזוי איז דער „סוקסעס" פונעם סדר געוואַקסן פון יאָר צו יאָר, ביז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צרות מיט די קאָמיטעס. מ'האָט באַדאַרפט צופיל קאָמיטעס אַלעס צו אַראַנזשירן און ס'איז ניט געבליבן גענוג צייט פאַרן ראַבאַי צו פּראָווען דעם סדר, ווייל יעדער קאָמיטע האָט געוואָלט, אַז מ'זאָל איר לויבן, דאַנקען, אָפּגעבן כבוד און דאָס האָט פאַרנומען אַ סך

צייט.

די קאַמיטע וואָס האָט צוגעגרייט דעם מרור, די חרוסות, דעם וויין, די הגדות און די אַנדערע „רעפּרעשמענטס", האָט ביים סדר אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון איר טעטיקייט און מ'האָט איר אַפּלאָדירט. די קאַמיטע וואָס האָט צוגעגרייט די יאַרמולקעס, די קאָלירטע ארבע־כוסות, די לייכטער מיט די ליכט און די אַנדערע טרימינגס, האָבן געפּאָדערט מ'זאָל דערמאָנען זייערע נעמען און זיי דאַנקען און אַזוי איז דער סדר ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיטינג מיט פאָרשלאַגן, מיט „פּאָינטס־אָוו־אָרדערס", מיט פּאָליטיק. אָבער צום קלימאַקס פון פּאָליטיק איז מען דערגאַנגען ווען ס'איז געקומען צו די פיר קשיות!

שוין פון עטלעכע יאָר ווי אַ אינגל פון אַ מעמבער פלעגט פרעגן די קשיות, וועלכע זיינען שוין ביי אים געגאַנגען ווי אַ מזמור און ער האָט עס שוין באַטראַכט ווי אַ „לאַיף־דזשאַב". ער איז געוואָרן אַזאַ „עקספּירענסד" קשיא־פרעגער, אַז אים האָט זיך שוין געדאַכט, אַז ער וואָלט שוין אַליין אַפילו געקענט ענטפערן אויף די קשיות... האָבן זיך אָבער אונטערגערוקט אַ פּאָר מעמבערס מיט אינגערע אינגלעך און גענומען, מיט רעכט, טענה'ן, אַז זייערע קינדער זיינען אויך באַרעכטיקט צו פרעגן די קשיות, מ'דאַרף זיי אויך געבן אַ „ברעיק"! אַמעריקע איז אַ דעמאָקראַטישע מדינה און אַפילו דער פּרעזידענט דינט ניט מער ווי צוויי טערמינען!...

דער צווייטער צד האָט אָבער גע'טענה'ט, אַז זיי האָבן מורא צו ריזיקירן מיט נייע „אַנעקספּירענסד" קשיות־פרעגער, ווייל ס'איז אַנגעקומען מיט קריעת ים־סוף ביז מ'האָט איינגעבראַכן דעם איצטיקן קשיות־פרעגער און איצט ווען ער איז שוין אַ „סוקסעס" און ציט שוין אַ „קראַוד" פון יונגוואַרג, וואָס האָט אַ סך „פאַן" ווען ער פרעגט די קשיות, איצט קען זיך די סאָסייעטי ניט פאַרגינען צו „געמבלען" און ריזיקירן דעם „סוקסעס" און אָנשטעלן עפּעס אַ נייעם, ניט פּאָפּולערן קשיות־פרעגער!...

און אַזוי האָט עס שוין געהאַלטן ביי אַ שפּאַלטונג פונעם סדר! די אָפּאָזיציע האָט געסטראַשעט, אַז זי גייט אָרגאַניזירן אַ נייעם, אַ נאָך מער מאָדערנעם סדר!

הכלל, ס'האָט געהאַלטן ביי אַ שפּאַלטונג!

איז איין מעמבער, אַ באַרימטער דזשאַבער פון קלאָוקס, אויפגעשטאַנען ביים מיטינג, געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע און אויפגעוויזן, אַז די סדרים וועלן מיט דער צייט רואינירן די סאָסייעטי! דעריבער מאַכט ער עס דירעקט צום פאָרשלאַג, אַז מ'זאָל דעם נעקסטן סדר, אַלס אַ גאַנצן, צוזאַמען מיטן קשיות־פרעגער מיט די אַרבע־כוסות, מרור, הגדות, יאַר־

מולקעס און די אַנדערע „רעפּרעשמענטס״, אַרויסגעבן צו אַ סאַב־קאָנ־טראַקטאָר און זאָל ער אונז צושטעלן אַ פּאַרטיקן סדר, מיט אַלע „טרי־מינגס״ און מיר וועלן ענדזשאָיען אַ סדר אָן טראָבל! . . . אויב, — האָט ער געשריגן, — אויב סאַב־קאָנטראַקטינג קען אַרבעטן מיט סוקסעס אין דער קלאָוקס־אינדוסטריע, פאַרוואָס זאָל עס ניט אַרבעטן אין דער סדר־אינדוסטריע ? נאָכאַלעמען מעגן מיר דאָך עפּעס לערנען פון דער קלאָוקס אינדוסטריע ?!

איז דער פאָרשלאָג איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן און דער סדר איז אָוועקגעגעבן געוואָרן טאַקע צום זעלבן ראַבאַי, אָבער אין „סאַב־קאָנטראַקטינג״ . . .

פאַראַיאָרן, צו דער ערשטער סדר־נאַכט, איז צום זאַל צוגעפאָרן אַ טעקסי מיט אַ פּאָר וואַליזעס, אָנגעשטאָפּט מיט אַלע דעקאָראַציעס פאַרן סדר. דער ראַבאַי איז פלינק אַרויסגעשפּרונגען פון דער טעקסי. צו־זאַמען מיטן ראַבאַי איז פון דער טעקסי אַרויסגעשפּרונגען אַן אויסגעפּוצט אינגעלע. דאָס איז געווען דער נייער „סטאַר״ קשיות־פרעגער.

צום ערשטן מאָל האָט די סאָסייעטי אַלס אַזעלכע זיך צוגעהערט בלויז צום סדר, אָן באַריכטן, אָן באַדאַנקען די קאָמיטעס, אָן צרות, אָן פּאָליטיק, און איבערהויפּט איז די פראַגע װעגן „דזשוריסדיקשאָן״ אין דער קשיא־אינדוסטריע אינגאַנצן „געטייבלט״ געוואָרן. דער נייער קשיות־פרעגער האָט געטראָגן אַ רויטן קנאָפּ אויפן סוועטער, דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז ער באַלאַנגט צו אַ געוויסן קלאָב פון באָיעס, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער יום־טוב אינדוסטריע און זיי קלייבן זיך איצט צו גרינדן אַ באַזונדערן לאָקאַל פון די קשיות־פרעגער און אַרויסנעמען אַ טשאַר־טער פון דער „סי. אַי. אָ.״ מיט „רולס און רעגולײשאָנס״ . . .

דער נייער קשיות־פרעגער האָט שטאַרק אויסגענומען ביים יונג־וואַרג. ער האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן „היט״ . . . זיי האָבן אים אַפּלאָ־דירט, ווייל זיי קענען אים פונעם געגנט און האַלטן שטאַרק פון אים אַלס גוטן בעיסבאָל־שפּילער. אויך ביי די עלטערע מעמבערס האָט ער שטאַרק אויסגענומען, ווייל זיי קענען אים פונעם קאָרנער, וואו ער שטייט שבת און זונטיק און פּוצט זייערע שיך. דאָס איז זיין הויפּט־פרנסה און דאָס קשיות־פרעגן איז ביי אים אַ „סאַיד־לאַין״, ווייל דער „סיזן״ איז אַ קור־צער . . .

נאָכן גרויסן סוקסעס, וואָס דער נייער קשיות־פרעגער האָט געהאַט, איז דער עקס־קשיות־פרעגער צוגעגאַנגען צום נייעם פּראָפעסיאָנעלן קשיות־פרעגער, און ווי אַן אמת'ער אַמעריקאַנער ספּאָרט, דערלאַנגט אים די האַנט און דער עולם האָט אַפּלאָדירט און סיי דער ראַבאַי, סיי דער אַלטער און סיי דער נייער קשיות־פרעגער האָבן זיך פאַרנייגט פאַרן עולם.

# אַ יוניאַן סוכה

פון קליינערהייט־אָן האָט עס מיך געצויגן צו סטאָלעריי. שטונדן לאַנג פלעג איך אַריינקוקן אין הערש דעם סטאָליאַר'ס מאָסטערסקאַיאַ און באַוואונדערן, ווי שמואל, דער סטאָליאַר־געזעלן, שטופּט דעם הובל און ס'פליען פון אים אַרויס לאַנגע, געקרייזלטע, סאַמעטענע סטענגעס, אָדער ווי ער קלאַפּט מיטן האַמער אינעם קאָפּ פון אַ גרויסן טשוואָק, און דער טשוואָק גליטשט זיך אַריין אינעם האָלץ, ווי ער וואָלט געגאַנגען אין פּו־טער.

דערפאַר, ווען עס איז געקומען דער צווייטער טאָג נאָך יום־כיפור און דער זיידע האָט זיך געשטעלט בויען די סוכה, בין איך געווען זיין איינציקער געזעלן. פאַרטאָג בין איך אַרויף אויפן בוידעם, אַרונטערגע־שלעפּט די טירן, די ברעטער מיט די לייסטן. געפונען די זעג און דעם האַמער, אויסגעגלייכט די פאַרבויגענע טשוועקעס, פאַרדרייט מיין דאַ־שיק פונעם קאַשקעט, פונקט ווי שמואל דער סטאָליאַר־געזעלן, און אַז דער זיידע האָט אויסגעטאָן די בעקעשע און זיך גענומען צו דער אַרבעט, בין איך געשטאַנען און געוואַרט, דער זיידע זאָל זיך מיט מיר שאַפן . . .

פאַר די עטלעכע יאָר וואָס איך האָב געהאָלפן דעם זיידן אויפצו־שטעלן די סוכה, בין איך געווען איבערצייגט, אַז דער זיידע איז ניט גע־ווען פון די גאָר גרויסע אַרכיטעקטן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ווען דער זיידע לאָזט מיך זיין דער אַרכיטעקט און ער איז מיין אַרויסהעלפער, וואָלט איך אויפגעשטעלט אַ סוכה, וואָס דער רבי אַליין וואָלט געמעגט אין איר עסן. און ווען איך האָב איינמאָל געוואַגט, און גענומען געבן דעם זיידן עצות, האָט ער מיר געגעבן אַ פייערדיקן פּאַטש, מיך פאַרטריבן פון דעם סוכה־פּראָיעקט און געשריגן:

— אַזאַ סמאַרק, ער וועט מיך לערנען ווי אויפצושטעלן אַ סוכה!

און אָן שום „נאָטיס" האָט ער מיך „געפייערט" און אָנגעשטעלט מיין אינגערן ברודער מאיר, ער זאָל פאַרנעמען מיין פּלאַץ, און מאיר האָט שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אויף אַזאַ געלעגנהייט כדי זיך מיט מיר צו רייצן!!!

כאָטש איך האָב נאָך דאַן ניט געהאָט געהערט פון דער „אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר" און די „סי. אַי. אָ." מיט „קאָלעקטיוו באַר־געינינג", מיט „יוריסדיקציע", מיט „לעיבאָר באָארד", מיט „טעפּט־האַרטלי ביל", מיטן גאַנצן טרעיד־יוניאָניסטישן קלאַפּער־געצייג, פונ־

דעסטווען, האָט שוין דאַן אין מיר אינסטינקטיוו געזאָטן דער שפּעטער־דיקער הייסער יוניאָן־מאַן, און איך האָב אָנגעהויבן אַ פֿייערדיקן קאַמף קעגן די איבלען פֿון דער סוכה־אינדוסטריע, פֿון וועלכער דער „סיזן" איז געווען אַזאַ קורצער און די באַדינגונגען אַזעלכע שווידערלעכע, און די מאַסן פֿון דער סוכה־טרעיד, אַזעלכע פֿינצטערע, די ווענדזשעס אַזעלכע נישטיקע, די שטונדן אַזעלכע לאַנגע! דערצו איז נאָך געווען שטאַרק פֿאַרשפּרייט קינדער־אַרבעט, און די סאַניטאַרישע באַדינגונגען שרעקלע־כע, און די באַלעבאַטים הויטשינדערישע, וועלכע פּלעגן זיך איזדיעקעווען איבער די קינדער־אַרבעטער און זיי נאָך דערלאַנגען גאַנץ היפּשע קלעפּ אויך! . . .

און אַז דער זיידע האָט אָנגעשטעלט מיין ברודער מאיר צו „סקעבן" אויף מיין פּלאַץ, בין איך אַרויס אין קאַמף אויף לעבן און טויט! . . .

אָנגעהויבן האָב איך פֿריער מיט אַגיטאַציע. איך האָב גע'טענה'ט צו מאירן', געוויינט און זיך געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל מיך ניט פֿאַר־ראַטן. ווען דאָס האָט ניט געהאָלפֿן, האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט „פּי־קעטן", און אַז ער האָט ווייטער „געסקעבט" און זיך נאָך מיט מיר גע־רייצט און אַרויסגעשטעלט אַ לאַנגע צונג, האָב איך מיר אָנגעשטאָפּט לאַנגע קעשענעס מיט שטיינער, און אַזוי ווי ציליעווען זיך האָב איך גע־קענט, האָב איך אים מיט אַ שטיין געעפּנט דעם קאָפּ און ער האָט דער־פֿילט די קראַפֿט פֿונעם טרעיד־יוניאָניזם! . . .

איך האָב אויך באַנוצט טעראָר און סאַבאָטאַזש. שפּעט ביינאַכט, ווען דער זיידע און מאיר זיינען שוין געשלאָפֿן, האָב איך אַרויסגעשלעפּט עט־לעכע טשוועקעס און אַ וואַנט איז איינגעפֿאַלן, אָדער איך פּלעג באַהאַלטן דעם האַמער און די זעג און זיי זיינען געוואָרן אויס באַלמעלאָכעס. און אַז דער זיידע האָט געזען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פֿאַרברענטן יו־ניאָן־מאַן און ער קען נאָך, חלילה, בלייבן אָן אַ סוכה, האָט ער געבראַכט דער מאַמען מיטן פֿעטער שמואל און אַן אומפּאַרטייאישן שכן, ביי וועמען איך האָב אַמאָל אויסגעשלאָגן די פֿענצטער, און האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן „אַרביטרעישאָן". זאָל מען מיך פֿרעגן וואָס איך וויל, און דערנאָך וועט מען זיך פֿאַרלאָזן אויף מענטשן.

איך האָב אָבער זיי מורא געהאַט צו געטרויען, ווייל וואָס טו איך, אַז ווען איך גיי צו נאָענט צו זיי און זיי כאַפּן מיך און לאָזן מיר אַראָפּ די תחתונים און צימבלען מיר אַריין דעם „אַרביטרעישאָן" אינעם זייט־מיר־מוחל אַריין אַזוי, אַז איך וועל ניט האָבן אויף וואָס צו זיצן אין סוכה! האָב איך פֿונדערווייטנס אַרויסגעבורטשעט און האַלב אַרויסגעוויינט, אַז איך וויל זיך ניט פֿאַרלאָזן אויף מענטשן, נאָר איך וויל צוריקגיין צו דער

אַרבעט, אָבער בלויז אויף מיינע באַדינגונגען.

— וואָס, — האָבן זיי מיך געפרעגט, — זיינען די באַדינגונגען ?

— די באַדינגונגען, — האָב איך שטרענג דערקלערט, — זיינען: ערשטנס, מ׳זאָל באַלד אַוועקשיקן מיין ברודער מאיר, ווייל איך וויל ניט אַרבעטן מיט קיין „סקעבס"; צווייטנס, וויל איך „בעק־פּעי". אַזוי ווי דער זיידע האָט מיר געצאָלט פינף גראַצער אַ טאָג „ווערידזשעס", זאָל ער מיר צוריקצאָלן די צען גראַצער פאַר די צוויי טעג וואָס איך האָב „גע־פיקעט". דריטנס, וויל איך אַ „קלאָוז־שאָפּ" און דער זיידע זאָל מיך ניט קענען „פייערן", סיידן ער האָט אַן ערנסטע קלאָגע קעגן מיר! . .

אַז דער זיידע האָט מיר אַלעס נאָכגעגעבן, און איך בין — אַלס זי־גער — צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט די אַרבעט ביי מיר גע־ברענט אונטער די הענט. דער זיידע, אַלס באַזיגטער, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיך געלאָזט טאָן וואָס איך וויל, און האָט זיך אַפילו ניט וויסנדיק געמאַכט, ווען איך האָב ביי דער אַרבעט געפייפט, ווי שמואל דער סטאָליאַר־געזעלן, און אַז ער איז געגאַנגען כאַפּן אַ דרימל און מיך געלאָזן אַליין ביי דער אַרבעט, האָב איך צוגערופן מיין ברודער מאיר, געהאַלטן פאַר אים אַ הייסע אַגיטאַציע־רעדע, אים דערקלערט, אַז צווישן צוויי ברידער דאַרף הערשן שלום און ניט אַז איינער זאָל פאַרראַטן און פאַרנעמען יענעמס פּלאַץ, ווען יענער גייט אַרויס אין קאַמף פאַר אַ גע־רעכטער זאַך, ווייל פון אַזאַ האַנדלונג קענען נאָר געווינען דער זיידע און די פעטערס און די אַנדערע „הויטשינדערס".

נאָך אָט־דער רעדע, האָט מאיר מיר צוגעגעבן, אַז איך האָב רעכט און מיר האָבן זיך געגעבן די הענט און נאָך אַריינגעלייגט די ציצית פון די טלית קטנ׳ס, און דערנאָך איבערגעהאַקט. דאָס האָט געהייסן, אַז מיר האָבן זיך געגעבן אַ תקיעת־כף און געשלאָסן אַ הייליקן בונד, אָדער ווי מיר וואָלטן עס היינט געזאָגט: געגרינדעט אַ יוניאָן פון די סוכה־אַר־בעטער! . . .

פון דאַן־אָן האָבן מיר ביידע יעדעס יאָר געבויט די סוכה און דער זיידע, ווי אַן אמת׳ער קאַפּיטאַליסט, איז נאָר געקומען באַטראַכטן צי די אַרבעט איז גוט געמאַכט און באַצאָלט די „ווערידזשעס".

# אַ גאָלדענע באַגריסונג

מיינע ליבע פריינט און חשוב'ע קאָלעגן,

י. אַדעלר און ב. קאָוונער:

איך האָב געלייענט אין „פאָרווערטס" די סענסאַציאָנאַנעלע, כמעט אומגלויבלעכע נייעס, אַז ס'איז געוואָרן פופציק יאָר זינט אירביידע האָט חתונה געהאַט מיט אייער ווייבל און איר לעבט מיט איר די גאַנצע צייט „סטרעיט" אָן אַ „סטאַפּ" און קלויבט זיך מיט איר אַזוי אַריינצולעבן ביז אַ הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, מיט אַן „אָפּשן" אויף נאָך אַ סך יאָרן...

ווען דאָס, הערט איר, טרעפט מיט אַ גאַנץ פשוט'ן אידן, וואָלט מען אויך געמעגט לויפן קוקן אויף חידושים אויף אַזאַ טשיקאַווען פּאַרפּאַלק, ווער שמועסט צווישן שרייבער, איז עס גאָר אַ וואונדער שעבעוואונדוי־רעם, וואָס מ'וואָלט געמעגט שרייבן דעריבער אין די גאַזעטן, און איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַווייזן פאַר דער וועלט, אַז צווישן שרייבער כאַפּט זיך אויך אַמאָל אַרויס אַ לייטישער מענטש, כאָטש ס'איז בלויז אויף אַ שהחינו צו מאַכן!...

וואָלט איר געווען אַזאַ פּראַקטישער מענטש ווי איך, וואָלט איר זי־כער געשלאָגן אַ היפּשן קאַפּיטאַל פון אַזאַ גאָלדענער געלעגנהייט.

איך שטעל מיר פאָר, אַז ווען איך וואָלט באַוויזן אָפּצוטאָן אַזאַ שטיקל אַרבעט און דורכגעבראָדזשעט מיט איין ווייבל גאַנצע פופציק יאָר, וואָלט איך זי אַריינגענומען אין אַ ביוטי פּאַרלאָר, און דאָרט וואָלט מען זי זיכער באַפּרייט פון אַ פינף־און־צוואַנציק יאָר, דערנאָך וואָלט איך זי אַרומגע־פירט פון איין עק אַמעריקע ביזן אַנדערן, און וואָלט — אויף בילעטן — זי געוויזן די אידן: נאַט, זעט! אָט איז זי! און די אידן וואָלטן אָנגע־טאָן די שפּאַקולן און, ווי מבינים, באַטראַכט די סחורה און געשמאַטשקעט מיט די ליפּן:

— אוי־וואַ! אוי־וואַ!

און אַנדערע וואָלטן געקרעכצט:

— אוי ווי! אוי ווי!

און איך וואָלט געקליבן אי נחת, אי כבוד און אי געלט.

אָבער וואָס קומט אַרויס פון מיין פּראַקטישן שכל, אַז צום באַדויערן, האָב איך זיך ניט צוזאַמענגעטראָפן מיט דער ריכטיקער סחורה, און פון די צוויי ווייבלעך מיט וועלכע איך האָב חתונה געהאַט און וועלכע האָבן

מיך מיט גרויס פאַראַד איבערגעלאָזן איינעם אַליין, און שוין פופצן יאָר ווי איך וואוין אַליין אין אַ (ניט) מעבלירטן צימער און האָב ניט ווער ס'זאָל מיר דערלאַנגען אַ לעפל וואַרעמס אָדער כאַטש אַ שטיקל אַרגומענט, און אַן אַלטע גוי'ע קערט ביי מיר אויס ס'צימער איין מאָל אַ וואָך און קערט דאָס אויסגעקערטע אונטערן בעט, און דער ווינט בלאָזט עס צוריק צו מיר אין בעט אריין . . .

פאַרוואָס די ווייבלעך זיינען פון מיר אַנטלאָפן, קען איך ביזן היינטיקן טאָג ניט פאַרשטיין. איך בין, דאַכט זיך, ניט אַזאַ גוטער שרייבער, אַז איך זאָל זיין אַזאַ שלעכטער מענטש! מיין גליק איז אָבער, אַז ניט ביידע ווייבלעך האָבן וועגן מיר דיזעלבע מיינונג און אין דער צייט וואָס מיין ערשטע ווייבל דענקט, אַז איך בין אַ ברוטאַלע חיה מיט אַ שוידערלעך שלעכטן כאַראַקטער און וואו נאָר ערגעץ אַביסל שלעכטס אין גאַנץ יונאַיטעד סטעיטס און קענעדע, האָט עס זיך „געסעטלט" ביי מיר אין האַרצן, דענקט די צווייטע פונקט פאַרקערט, אַז איך בין — נאָך ערגער!!! קיין מיטלוועג איז ביי זיי ניטאָ! . . .

און ווען איך ליג אין מיין צימער (זיצן איז ניטאָ וואו) און טראַכט, אַז ס'וואָלט שוין געווען צייט זיך איבערצובעטן מיט איינער פון זיי, ווייל ס'שטעכן מיר שוין די „פעידזשעס" און אַ פּאָר ווייבערישע הענט וואָלטן מיר צוניצגעקומען, טראַכט איך צו וועלכער צו גיין בעטן רחמים און פאַרגעבונג און קען בשום־אופן ניט באַשליסן, ווייל ביידע וואוינען אויפן „טאַפּ־פלאָר" און איך ציטער, אַז זיי זאָלן מיך ניט אַרויסוואַרפן דורכן פענצטער און איך זאָל ניט צעשפּאַלטן דעם טראָטואַר. דער סוף וועט זיין, אַז איך וועל מוזן מאַכן אַ פשרה און חתונה האָבן מיט אַ — דריטער!...

אַ חוץ דעם, האָב איך מורא, אַז איך האָב שוין טאַקע ניט מיט וואָס צוריקצוגיין אויך. איבערגעלאָזט האָבן זיי מיר מיט אַ קאָפּ רויטע לאָקן, אַ פּאָר אייזערנע הענט און שטאָלענע פיס, אַ פול מויל מיט ציינער, אַ בלעכענעם מאָגן מיט אפשר פופציק יאַרד דראָטענע קישקעס, אַ חשוב'ע נאָז און אַ צונג אויף שרויפן און אויגן — אויגן, וועלכע האָבן שטענדיק דערזען וואָס מ'דאַרף ניט.

און איצט איז פון דעם אַלעם געבליבן אַן אַלטער, צעבראָכענער, צעפאָרענער און צעקנייטשטער איד, וואָס דאַרף מיט זיינע אַלטע, שוואַכע כוחות, אַרומשלעפּן אַ רונדן, פעטן בויך, ווי אַ באַלון, פון וועלכן ס'זינגט כסדר אַרויס אַ ניגון, ווייל די „פלאָמבינג" איז אַלעמאָל „אוט אָף אָרדער". און אָנשטאָט ווי אַ באַלון, צו שלעפּן מיך צו די הימלען, ציט ער מיך אין שאול־תחתיה! . . .

## הירש רייף

איך שטעל מיר דעריבער פאָר, אַז אייער ווייבל מוז זיין אַ גאָלדן ווייבל, אַז זי האָט געקענט אויסהאַלטן פון אַזעלכע צוויי אידן גאַנצע פופ־ציק יאָר. און אפשר האָט איר אַליין אויך אַ חלק דעריןָ, ווייל מסתמא זייט איר דער ריכטיקער „באָם" און ס'איז לייכט מיט איך אויסצוקומען. (אַ „באָם" איז אַזאַ מאַן וואָס „באַמקעט" צו צו אַלץ וואָס דאָס ווייב זאָגט...).

דעריבער בעט איך אייך, אַז איר בידע (אַדלער און קאָוונער) זאָלט זיך האַלטן געזונט און מונטער און אַריינלעבן ביז הע‏ט, הע‏ט, אין טיפן עלטער אַריין און אפשר נאָך אַביסל העטער, און מיר וועלן אייך נאָך שרייבן דימענטענע בריוולעך אויך, ווי עס ווינטשט איך אייער לאַנדסמאַן, קאָלעגע און פריינט, הירש רייף.

# ער האָט מיך דערקענט...

איך בין געזעסן אינעם וואָרד'ס איילענדער משוגעים־הויז פאַרזונ־קען אין מיינע טרויעריקע געדאַנקען. דער קראַנקער וועמען איך האָב באַזוכט איז געווען פאַרטיפט אין אַ טיפן געשפּרעך מיט זיך אַליין און מיך אַפילו ניט באַמערקט. די אַנדערע באַזוכער זיינען געזעסן פאַרטרויערטע, פאַראומערטע, אַז ס'איז געווען אַ רחמנות צו זען זייער צער. נאָר די קראַנקע זיינען געווען די איינציקע צופרידענע, צווישן וועלכע ס'זיינען געווען גרויסע „פּערזענלעכקייטן", ווי געטער, קעניגן, דערפינדער, אַ גאַנצע פאַנטאַסטישע, אויסגעחלומ'טע וועלט, אַזוי אַז ס'איז געווען מער רחמנות אויף די געזונטע ווי אויף די קראַנקע.

אַלע זיינען געווען רואיקע, פאַרטאָן אין זיך, נאָר ער איינער, אַ הוי־כער, ענערגישער מאַן, אין די מיטעלע יאָרן, איז אַרומגעלאָפן איבערן צימער, זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ, געטייטלט מיט די פינגער אויף זיינע באַזוכער, אַ טאַטע, אַ מאַמע און אַ ווייב, און געשריגן:

— וואָס הייסט איר נעמט אַ געזונטן, נאָרמאַלן מענטשן און האַלט אים פאַרשפּאַרט אין אַ משוגעים־הויז, און האַלט אים שוין דאָ אַכט מאָ־נאַטן, צווישן אַ באַנדע משוגענע! ערשט דאָ קען איך משוגע ווערן טאָמער בין איך אַמאָל אַרויס פון די כלים, צעבראָכן עטלעכע שטיקלעך פאַרניטשור און אַ פּאָר שויבן, דאַרף מען מיך שוין דאָ האַלטן אייביק איך וועל פון דאַנען אַרויס, איך זאָל אַפילו דאַרפן אַרויסקריכן ווי דער רויך פונעם קוימען!

זיינע באַזוכער זיינען געזעסן ווי פאַרגליווערטע, אים ניט געענט־פערט מיט קיין איין וואָרט. און ער האָט געשפּאַנט אַ ווילדער און גע־שריען אַלץ העכער און העכער.

מיטאַמאָל איז ער צוגעקומען גאַנץ נאָענט צו מיר, אַרויפגעלייגט זיי־נע שווערע הענט אויף מיין אַקסל, אַז ס'איז מיר אַזש געוואָרן קאַלט אין יעדן אבר, נאָר צו מיין איבערראַשונג, האָט ער אָנגענומען אַ מילדן, פאַ־טערלעכן טאָן און געזאָגט:

— מיסטער, איר זעט מיר אויס צו זיין אַ שטילער, פיינער און נאָר־מאַלער מענטש מיט אַ וואַרעם מענטשלעך האַרץ, ניט אַזעלכע רוצחים ווי מיינע אייגענע, וועלכע האַלטן מיך דאָ פאַרשפּאַרט אָן רחמנות. וויל איך טאַקע, אַז איר זאָלט מיך אויספּרואוון און אַליין אורטיילן צי בין איך גע־

רעכט אָדער נישט.

איך האָב אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, זיך אַביסל באַרואיקט און געזאָגט:

— וואָס הייסט איך וועל אייך אויספּרואוון? וואָס בין איך אַ דאָק־טאָר? איר זעט דאָך, אַז איך בין בלויז אַ באַזוכער און מיין מיינונג שפּילט קיין ראָלע נישט.

— אָט אַזוי, — האָט ער זיך ערשט צעוואָרעמט, — רעדט איר דאָך טאַקע ווי אַ מענטש נית ווי אַ דאָקטאָר, דערפאַר קען מען דאָך האָבן צו־טרויען צו אייך. זיי, — ווייזט ער אויפן ווייב און די עלטערן, — זיצן דאָך ווי די שטיינער און ס'אַרט זיי ניט וואָס פון מיר גיסט זיך ס'בלוט און דער מאַרך קערט זיך מיר איבער!

ער האָט איבערגעהאַקט דעם הויכן, בייזן טאָן און געזאָגט:

— איר האָט דאָך אידישע צייטונגען, וועלן מיר נעמען סיי־וועלכע שטיקל נייעס, איבערלייענען, און דערנאָך וועט איר מיך פרעגן אייער מיינונג און אויב כ'וועל אייך ניט ענטפערן צו דער זאַך, ווי אַ נאָרמאַלער מענטש, גיב איך אייך מיין ערנוואָרט, אַז איך גיב אויף מיין קאַמף אַרויס־צוגיין פון דאַנען אויף דער פריי. איר זענט דאָך אַ קלוגער, נאָרמאַלער און פיינער מענטש, און איך פאַרלאָז זיך אויף אייך!

איך האָב אויפגעמאַכט די צייטונג, געפרעגט אים פאַרשיידענע פראַגן און ער האָט מיר געענטפערט ווי אַ קלאָרער, נאָרמאַלער מענטש, מיט אינטעליגענץ און באַהאַוונטקייט. איך בין באמת געווען איבערראַשט פון די שאַרפע און טרעפלעכע ענטפערס, און ער האָט מיך געמוטיקט איך זאָל אים פרעגן נאָך און נאָך.

נאָר פלוצלונג, האָט דער וועכטער ביי דער טיר מיר געגעבן אַ וואונק, אַז די צייט פאַר באַזוכער איז פאַראיבער. האָב איך זיך אויפגעשטעלט און אַרויפלייגנדיק מיין האַנט אויף מיין נייעם פריינטס אַקסל, האָב איך אים אַ גוטמוטיקן, היימישן און אויפריכטיקן טאָן אים געזאָגט מיין מיינונג וועגן אים:

— איך, — קוק איך אים אַריין אין די אויגן, — איך זע ניט איין קיין שום אורזאַך פאַרוואָס מ'דאַרף אייך דאָ האַלטן. מיין אויפריכטיקע מיינונג איז, אַז לויט אייער האַלטן זיך, לויט אייער באַלייכטן די טאָג־טעג־לעכע פראַגן, מאַכט איר דעם איינדרוק פון אַ פולשטענדיק אינטעליגענטן קלוגן און נאָרמאַלן מענטשן!

מיטאָמאָל, צו מיין גרויסער איבערראַשונג, האָט ער אַרויפגעלייגט זיי־נע צוויי גרויסע, געזונטע הענט אויף מיינע פּלייצעס און אָנגעהויבן צו טרייסלען מיט מיין גאַנצן קערפּער, אַז איך האָב געמיינט, אַז ס'איז ער־

געץ אַן ערד־ציטערניש. זיינע אויגן זיינען געוואָרן פאַרלאָפן מיט אַ קאַלי־טער ווילדקייט און ער האָט גענומען שרייען צו מיר אויף די העכסטע טענער און געזאָגט:

— נו, זעט איר דאָך שוין, אַז איך, אַזאַ צעדרייטן, אַזאַ משוגענעם לאָזט מען אַרומלויפן פראַנק און פריי איבער די גאַסן, מ׳גיט אייך נאָך צו פרעסן און צו טרינקען, און מיך, אַזאַ געזונטן, אינטעליגענטן און נאָרמאַלן מענטשן, האַלט מען דאָ פאַרשפאַרט צווישן אַ באַנדע משוגעים פרעג איך אייך, איז פאַראַן יושר אויף דער וועלט?! . . .

ווען דער וועכטער האָט אים קוים מיט צרות אָפּגעריסן פון מיר, בין איך שוין געווען אַ צעשויבערטער, אַ צעדראָפּעטער, אַ ווילדער, און ער איז שוין געווען אַ באַרואיקטער, אַ געלאַסענער און ס׳איז באמת גע־ווען שווער צו דערקענען, ווער פון אונזביידן ס׳איז דער משוגענער און ווער ס׳איז דער נאָרמאַלער.

# מיין געליבטע...

געליבטע האָב איך אין מיין לעבן געהאַט אין די הונדערטער, אַזוי זאָגט מיין ווייב, ניט איך . . . אויב איך גיב נאָר אַ קוק אויף אַ פרוי, זאָגט זי, אַז דאָס איז שוין אַ נייע געליבטע, ווער שמועסט, אַז איך גיב צו אַ פרוי אַ שמייכל, אָדער איך גיב, חלילה, אַ קאָמפּלימענט, איז זי שוין ביי איר אַן אַלטע געליבטע און קיין אַנדער נאָמען ווי פּאַסקודסטווע האָט זי פאַר איר ניט. אָבער זאָגן, אַז איך בין אינגאַנצן אַ צדיק, קען איך אויך ניט, און אויף איין געליבטע מוז איך זיך היינט מודה זיין:

געהייסן האָט זי דזשעני, נאָר כדי זי זאָל זיך ניט דערקאָנען און מיר ניט מאַכן קיין סקאַנדאַלן, וועלן מיר זי רופן פרענציס.

געווען איז זי אַ קליין, דאַר און פאַר'חלש'ט זאַכעלע. ווען מיר האָבן זיך באַקענט, איז מיין ערשטער אימפּולס געווען זי באַלד אַוועקצופירן ער־געץ אין אַ קאַונטרי, כדי זי זאָל זיך דאָרט פּאַפּראַווען, ס'זאָל זיין מיט וועמען אַמאָל צו פאַרברענגען אַן אָוונט. אַז איך האָב זי געוואָלט מכבד זיין מיט אַ טרונק אָדער מיט אַ פּרוכט, האָט זי קוים אַרויסגעשעפּטשעט: „ווער האָט עס כוח צו אַזעלכע זאַכן?!" דערמיט האָט זי באַלד געוואונען מיין האַרץ! אַ געליבטע וואָס עסט ניט! וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע געליבטע דאָס דאַרף זיין! דאָס איז דאָך אַ טאַניק פאַר די נערוון און אַ ראַטונעק פאַרן יקרות! פון אַזאַ געליבטע האָב איך דאָך ס'גאַנצע לעבן גע'חלומט! אַ געליבטע וואָס עסט ניט האָט דאָך ניט קיין כוח צו מאַכן קיין סקאַנדאַלן, לויפט ניט אַרום מיט קיין מענער, און אַז זי עסט ניט, טרינקט זי דאָך ניט קיין אייז־קרים סאָדעס. וואונדערבאַר!

פונדעסטוועגן, אַז מיר האָבן אַרומשפּאַצירט עטלעכע שעה און איך האָב געזען, אַז זי פאַלט שוין בעבעך פון די פיס, האָט מיך מיין געוויסן גענומען גריזשען און איך האָב פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן אַריינגיין אין אַ קאַפעטעריע, כדי זיך צו דערכאַפּן ס'האַרץ.

אַז זי האָט דערהערט קאַפעטעריע, האָט זי אויף מיר געגעבן אַן אומ־היימלעכן בליק און אַ נערוועזן צוק מיט די אַקסלען, געמאַכט אַ גרימאַסע ווי דער גאַנצער ענין וועגן עסן איז איר דערווידער און מיך געבעטן, אַז איך זאָל מער ניט דערמאָנען דאָס וואָרט עסן, ווייל זי האָט ניט דעם קלענ־סטען אַפּעטיט. איך בין אָבער באַשטאַנען אַריינצוגיין, ווייל איך בין שטאַרק הונגעריק און זי האָט צוגעשטימט, בלויז מיטן באַדינג, איך זאָל עסן און זי זאָל בלויז זיצן ווי אַ צושויער.

אין דער קאַפעטעריע האָב איך גענומען אַ סענדוויטש מיט אַ טעפּל קאַווע און זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס איך זיץ און עס און אַ דאַמע זיצט לעבן מיר גלאַט אַזוי. און איך האָב זיך אָנגעהויבן בעטן ביי איר, זי זאָל כאָטש נעמען אַ קליינעם ביים, אָבער זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּ־געזאָגט ! . . .

מיט אַמאָל זאָגט זי, אַז איך זאָל איר געבן מיין טשעק, אפשר וועט זי עפּעס נעמען. זי זעט, אַז איך פיל זיך ניט גוט און זי וויל ניט אַז איך זאָל מיינען, אַז זי באַיקאָטירט מיך, דעריבער וועט זי עפּעס נעמען, כדי מיט־צוהאַלטן מיט מיר מיטן עסן. בין איך געווען צופרידן . . .

זי איז אַוועק און איז צוריקגעקומען מיט אַ טאַץ אָנגעלאָדן מיט כל־טוב, פאַרשפּייז, ברויט מיט פּוטער, פּודינג, פרוכט, נאָר די הויפּט אַט־ראַקציע איז געווען אַ גרויסער טעלער, וואָס איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט אַ ריזיק־גרויסן סטעיק, וועלכער איז געווען באַלאַגערט מיט אַ גאַנ־צער מחנה פאַרשיידענע גרינצייג, פרענטש־פּראַיד מיט ציבעלעס און נאָך קלייניקייטן, און דזשעני, — פּרענציס, מיין איך, — האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, אַריינגעשלונגען די אַלע זייטיקע זאַכן, כדי צוצוקומען צום סאַמע סטעיק אַליין, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַן עראָפּלאַן־באַזע ! . . .

איך בין די גאַנצע צייט געזעסן און געקוקט צו דער טיר, צו דער סטעליע, אין מיין צייטונג, איבעראַל, נאָר ניט אין איר זייט, כדי ניט צו־צוזען די ליידן וואָס זי לעבט איצט איבער, כדי מיך צופרידנצושטעלן !... אָבער אין געדאַנק האָב איך גערעכנט, וויפיל געלט ס'איז מיר געבליבן פונעם צענערל וואָס איך האָב איבערפריי צעביטן . . .

נאָר איין בליק אויף איר האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן. ס'איז געווען דאָס זעלבע פאַרגרינטע, פאַרגעלטע, פאַרדאַרטע און פאַר'חלש'טע זאַכעלע ! אָבער די טעלער זיינען געווען אויסגעליידיקטע און דער באַ־רימטער אוניווערסאַלער, ריזיקער סטעיק איז פאַרשוואונדן אין דער איי־ביקער אייביקייט אַריין ! . . . זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און מיט אַ שוואַכער שטימע קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— איר האָט דאָך מיר פריער געוואָלט ברענגען אַ טעפּל קאַווע, טאָ זייט אַזוי גוט און ברענגט עס מיר איצט, ס'פּאַסט ניט אַזוי צו זיצן אין אַ קאַפעטעריע און גאָרניט צו נעמען . . .

ווען איך האָב זי נאָכאַמאָל באַגעגנט און זי געוואָלט אַריינבעמען אין דער זעלבער קאַפעטעריע, האָט זי שטיל געשעפּטשעט:

— ניין, איך וויל ניט אַריינגיין אין אָט־דער קאַפעטעריע, דאָ רעכנט מען הויכע פרייזן און מען גייט אַרויס הונגעריק.

# אַלע זײַנען גוט צו מיר

ווען איך זאָל זיך קענען באַנוצן מיטן מאַטעריאַל, וואָס מען טראָגט מיר צו פון אַלע זײַטן, וואָלט איך זיך געבאָדן אין טעמעס און וואָלט נאָך אפשר געקענט עפענען אַ ביוראָ און פאַרקויפן טעמעס צו שרייבער. די מעשה איז אָבער, אַז די טעמעס, וואָס מ'טראָגט מיר צו פון אַלע זײַטן, זײַנען גוט פאַר וואָס איר ווילט נאָר אַליין, אָבער ניט פאַר מײַן צוועק.

ווען איך קום צווישן מענטשן, וואו מען קען מיך, איז יעדערער, וואָס רעדט אַרויס אַ וואָרט אין מײַן געגנוואַרט, זיכער, אַז דאָס האָט ער געמאַכט אַ דערקלערונג פאַר דער פּרעסע. ער איז זיכער, אַז איך זיץ און שלינג יעדעס וואָרט און וועל שוין מאַכן עפּעס דערפון. דאָס זײַנען די באַשיי־דענערע. אָבער די מער דרייסטע באַנוגענען זיך ניט מיטן בלויזן טראַכ־טען, נאָר זאָגן עס אַרויס גאַנץ אָפן.

אין אַ הויז, אויף אַ שמחה, אַז מען נעמט דערציילן די באַרימטע „עקסקוירשאָן"־וויצן, וואָס באַווייזן זיך אַלעמאָל אין אַ נײַעם בגד און אונ־טער אַ נײַעם נאָמען, וואָס איין מאָל דערציילט מען דעם וויץ אויף נאַ־פּאָלעאָנ'ען, איין מאָל אויף ביסמאַרק'ן און אַזוי ווייטער ביז סטאַלינ'ען, רוקט זיך אַרויס איינער פון דעם עולם און זאָגט:

— שאַ, איך וועל אײַך דערציילן אַן אמת'ע מעשה, וואָס האָט טאַקע מיט מיר אַליין געטראָפן. און, ווענדנדיק זיך צו מיר, זאָגט ער:

— רוקט זיך צו נענטער. אײַך וועט עס צוניץ־קומען.

און ער דערציילט „אַן אמת'ע מעשה", וואָס מײַן זיידע פלעגט דער־ציילן, אַז ער האָט עס געהערט פון זײַן זיידן און יענער האָט עס געהערט פון אַ חסיד, וואָס ער האָט עס געהערט פון זײַן רבי'ן, און אַזוי ווייטער און דער עולם זיצט און קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער — ניט פון דער מעשה, נאָר דערפון, וואָס יענער דערציילט מיט אַ טיפן ערנסט, אַז ס'האָט מיט אים אַליין געטראָפן. אָבער, אַז ער ענדיקט, זאָגט ער צו מיר אין אַ טאָן פון אַ גביר, וואָס שענקט אַן אָרימאַן אַ נדבה:

— פאַרשרייבט עס, אײַך וועט עס צוניץ קומען . . .

געווייַנלעך דערלאַנג איך אים די האַנט פאַר זײַן ברייטהאַרציקייט...

אַז אַ ווײַבל וויל באַרעדן אַ צווייטע און קען ניט קריגן אַ פּאָר אויערן, וואָס זאָלן זי וועלן אויסהערן, זאָגט זי צו מיר:

— איר ווילט הערן? איך וויל אײַך עפּעס דערציילן. אײַך וועט

עס צוניץ קומען. איר וועט דערפון שוין מאַכן אַ לאַכנדיקע מעשה.

און, נאָכדעם ווי זי ווערט פאַרטיק, ווייס איך ניט ווי אַזוי איך קען פון אַזאַ שטיק נודנער רכילות מאַכן אַ הומאָריסטישע זאַך. פונדעסטוועגן דערלאַנג איך איר די האַנט און ס'בלייבט, אַז מ'וועט שוין זען ווי דער עולם קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער . . .

דער סעקרעטאַר פון מיין לאַנדסלייט־סאָסייעטי, אַ איד אַ נודניק, וואָס דענקט, אַז די סאָסייעטי איז אָרגאַניזירט געוואָרן בלויז מיטן צוועק אַז ער זאָל האָבן וואו אַרויסצולאָזן די ניין מאָס רייד פון זיין שפּראַך־אָר־גאַן ווי אַ רויך פון אַ קוימען, איז אָט־דער סעקרעטאַר אַז ער וויל אָפּ־געבן אַ באַריכט פון אַ לוויה און איבערערעדן די רעדע, וואָס ער האָט דאָרט געהאַלטן און ווי די אַנוועזנדיקע האָבן פאַרגאָסן טרערן און זיינען געפאַלן אין חלשות, זאָגט ער צו מיר:

— רוקט זיך צו נעענטער, אייך וועט עס צוניץ־קומען. איר מעגט מאַכן דערפון אַ זאַך צום לאַכן. איך דערלויב אייך אפילו צו דערמאָנען מיין נאָמען

אַז איך נעם אַרויס ביים שניידער אַ מאַנטל, וואָס איך האָב אים גע־געבן אַרויסצונעמען די פלעקן און אַנצונייען די קנעפּלעך, וואָס האָבן דעזערטירט, און איך ווייז אים, אַז דער מאַנטל האָט איצט מער פלעקן און ווייניקער קנעפּלעך ווי פריער, לאַכט ער גוטמוטיק און זאָגט:

— איך האָב געוואוסט, אַז אייך וועט עס צוניץ קומען. איר וועט שוין עפּעס מאַכן דערפון.

אַ פּאָעט דערציילט מיר אַנומלט אַ זייער טרויעריקע געשיכטע און זאָגט צו מיר:

— אייך וועט עס צוניץ־קומען.

אַז איך פרעג אים, פאַרוואָס ער מאַכט ניט דערפון אַ ליד, זאָגט ער:

— פאַר אַ ליד איז עס צו־באַנאַל, צו־גראָטעסק, צו־אינהאַלטסלאָז, אָבער אייך וועט עס צוניץ־קומען.

איך האָב מיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן. אַז איך האָב דערזען מיין פּנים אויפן בילד, האָט מיך אַזש אָנגעהויבן קרעמפּן אין בויך און פון מיין פּנים איז געוואָרן אַן אמת'ע קאַריקאַטור. זאָגט צו מיר דער פאָטאָגראַ־פיסט:

— שטייט אַזוי אַ מינוט, וועל איך אייך אָפּפאָטאָגראַפירן. אַזאַ פּנים וועט אייך אַמאָל צוניץ־קומען. איין קוק אויף אַזאַ בילד וועט ביי אייך אַרויסרופן דעם גרעסטן געלעכטער, וואָס ס'איז אַ סגולה צום שרייבן הומאָר!

אַז דער וועיטער אין רעסטאָראַן דערלאַנגט מיר אַ טעלער זופּ און איך זאָג אים מיט אַ געלעכטער, אַז ער זאָל דאָס צוריקנעמען, ווייל איך האָב באַשטעלט אַ לאָקשן־זופּ, ניט אַ שווים־פּלאַץ פּאַר פליגן, צעלאַכט ער זיך און זאָגט:

— אַן אַנדערער קאָסטאָמער וואָלט זיך שוין געבייזערט, געמאַכט אַ סקאַנדאַל צוליב די עטלעכע פליגן, וואָס שווימען דאָ אַרום, אָבער איר נעמט עס אַזוי גוטמוטיק, אַ פאַרגעניגן! ווייל, מסתמא, וועט עס אייך שוין אַמאָל צוניץ־קומען.

אַז איך קום אַמאָל אַרויף צו מיין לאַנדספרוי, רחל, נעמט זי פּאַר מיר אויסדערציילן איר פינצטערע דאָליע: דער מאַן אירער פאַרגעמבלט די וועידזשעס, פון די קינדער האָט זי קיין נחת ניט. זי ליידט פון צוקער־קראַנקהייט, פון אַ הויכע בלוט־דרוק, גאַל־שטיינער, אַ שוואַך האַרץ, און אַליין איז זי אויך עפּעס ניט מיט אַלעמען, קוים וואָס זי דעכעט, און אַז זי זעט, אַז איך זיץ ווי פּריטשמעליעט פון איר דערציילן, זאָגט זי אויף איר גאַליציאַנער לשון:

— גלאַיב מיער, העריש, כ׳וואָלט עס דיער ניט דערצאַילט, נאָר כ׳וואַיס דאָך, אַז דיער וועט עס צוניץ־קומען.

אָט אַזוי ווי איר זעט, טראָגט מען מיר צו מאַטעריאַל פון אַלע זייטן. איך דאַרף נאָר אַרומגיין און זיך צוהערן וואָס מען רעדט צו מיר, כדי זיך צו באָדן אין טעמעס! . . .

די איינציקע, וועלכע דערלאַנגען מיר ניט קיין מאַטעריאַל, זיינען מיינע קאָלעגן די הומאָריסטן. אַז איך זיץ אַמאָל אין קאַפע, ביי אַ טישל מיט הומאָריסטן, זיצן אַלע און שוויגן און האָבן מורא אַ וואָרט אַרויסצורעדן, ווייל — טאָמער וועט עס מיר אַמאָל, חלילה, צוניץ־קומען! . . .



# גלויבט עס אַדער ניט!

אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז די פאַלגנדיקע פריינט האָבן געהאָלפן פי־נאַנציעל ארויסצוגעבן דעם דאָזיקן בוך. ווער מער און ווער ווייניקער, אָבער אַלע האָבן בייגעשטייערט זייער חלק בכבוד־גדול, אַן די סקאַר־באָווע אַפילס, און דערפאַר דריק איך אויס צו די אונטן־דערמאָנטע פריינט אַ טאָפלטן, האַרציקן דאַנק. ווייל, אַ חוץ וואָס מ'גיט, איז נאָך אויך וויכטיק ווי אַזוי ס'ווערט געגעבן.

ה י ר ש   ר י י ף.

מענדל גאָלדשטיין
מאָריס גודמאַן
גאָלדע גראָסבערג
נ. ש. דייוויס
מאָריס דזשאָונס
איידאַ העניג
ישראל וויגאָדסקי
בערנאַרד זעמל
עלקע טשערניאַווסקי
אסתר ליווי
סאַלאָמאָן לונדין
איידאַ ליבערסאָן־סערקאַרז
ס. ד. מאָט
דר. מ. סאָרגען
חיים פלייער
חוה און יעקב פיין
מאָריס פריד
סאַלאָמאָן פריינד
סאַל. פּאַסקאַל
איידאַ קאָהן
לייב קאַנער
פיליפּ קרעמער
י. רובינשטיין
בלענטש און העגרי ראָזען